פרייז 10 סענט.

# מליץ יושר

אָדער

# רבּי יאזעלמאנן

א היסטאָרישע אָפּערא פון דיא גזירות פוּן עלזאַס
אין 5 אקטען און 23 בּילדער

פערפאסט פון

## א. גאלדפאדען,

היבּרו פּאבּלישינג קאמפּאני,
83־85־87 קאַנאַל סט., ניו-יאָרק.

HEBREW PUBLISHING COMPANY,
83-85 Canal Street, New York.

# ניינציג טויזענד תלמידים

האבען זיך אויסגעלערנט ריידען און שרייבען ענגליש פון

## אלכסנדר הארקאווי'ס

# ענגלישען לעהרער

**וועלכער איז אנערקענט אלס דיא בעסטע מעטהאָדע זיך אויסצולערנען דיא ענגלישע שפראכע.**

## דער ענגלישער לעהרער

**איז אזוי קונסטפאָל אויסגעארבייט, זאָ דאס יעדער איינער איז אימשטאנדע גרינדליך צו ערלערנען דיא ענגלישע שפראכע.**

## 90 טויזענד עקזעמפלארען

זיינען שוין פערקויפט געוואָרען פון הארקאווי'ס „ענגלישען לעהרער" און דאס איז דער בעסטער בעווייז, אַז אידען וויסען צו אונטערשיידען וועלכע מעטהאָדע איז דיא בעסטע. קיין מעטהאָדע האט נאך ניט געהאט אזא גרויסען ערפאָלג, וויא

## אלכסנדר הארקאווי'ס „ענגלישער לעהרער"

---

דער ענגלישער לעהרער פון אלכסנדר הארקאווי איז איינגעטהיילט אין 6 טהיילען מיט א לעזע־בוך מיט ענגלישע גראַמאטיק, וועלכע ערקלערט פון א. ביז ת. דיא גאנצע ענגלישע שפראכע.

דער ענגלישער לעהרער ענטהאלט אויך א גאנצע אבטהיילונג זיך צו לערנען שרייבען בריעף.

דער ענגלישער לעהרער איז שעהן געדרוקט און עלעגאנט בראָשירט.

דער ענגלישער לעהרער האט געקאָסט 65 סענט און מיר פערקויפען איהם יעצט

בראָשירט פיר בלויז **30** סענט, געבונדען **40** סענט.

צו בעקומען ביי אלע בוכהענדלער און ביי

**THE HEBREW PUBLISHING COMPANY,**

83-85-87 Canal Street, New York.

Goldfaden
Melitz Yosher

פרייז 10 סענט.

---

# מליץ יושר

אדער

# רבּי יאזעלמאנן

א היסטאָרישע אָפּערא פון דיא גזירות פון עלזאַס
אין 5 אקטען און 23 בילדער

פערפאַסט פון

## א. גאָלדפאדען.

---


היבּרו פּאבּלישינג קאָמפּאני.

83־85־87 קאַנאַל סט., ניו־יאָרק.

---

HEBREW PUBLISHING COMPANY,

83-85 Canal Street, New York.

## פערזאָנען

קעניג קארל דער פינפטע.
אולריך ריכטער פון האָכפעלדען.
בראנד בירגערמייסטער פון אָבערנהיים.
פאָגלער זיין סעקרעטער (קורזיכטינגער).
קונץ פאָן-דער-ראָזען האפנאר בייא קעניג קארל.
פפעפערקאָרן.
רבי יאָזעלמאַנן פאָרשטעהער דער יודען אין דייטשלאנד.
אהרן פאָן אורבִים באנקיער.
שרה זיין טאכטער.
ברוך פון טאָל עדאָ איהר ברייטיגאם.
רבי מאָזעס פאָרשטעהער דער יודישען קולטוס.
רבי יאָזעף געמיינדע—ראטה אין פראנקפורט אם מאַין.
בעדינטער דער סינאגאָגע.
געזאנדעטער פון אָבערנהיים.
יאהאַן אנפיהרער דער בויערען.
פאָלץ איין בויער.
ריכטער.
קערקערמייסטער.
מאטראָסע.

פירסטען, גראַפען, ריטטער, פאזשען, ריכטער, יודען, בויערן, סאָלדאַטען, פאלק.

## ארט דער האנדלונג:

אין פראנקפורט אם מאַין — אין אָבערנהיים.
לעצטער אקט — אין וואָרמס.

ציים דער האנדלונג:

אין דער מיטטע דעם זעכצענטען יאהרהונדערט.

# בילדער

## ערשטער אַקט.

| | |
|---|---|
| דאס 1טע בילד | דיא טרויאונג אין דער סינאגאָגע. |
| דאס 2טע בילד | דיא גזירה פונ'ם תלמוד. |
| דאס 3טע בילד | דיא פארשטעלטע פיגנער. |
| דאס 4טע בילד | דיא רעטונג דער היילינגען ביכער. |

## צווייטער אַקט.

| | |
|---|---|
| דאס 5טע בילד | שאַט ניט ! |
| דאס 6טע בילד | רבי יאזעלמאנס מאָראל. |
| דאס 7טע בילד | דיא ענטפיהרונג פון דעם קערקער. |
| דאס 8טע בילד | ברוך מתיר אסורים ! |

## דריטער אַקט.

| | |
|---|---|
| דאס 9טע בילד | דאס פייגעלע אין שטייגעלע. |
| דאס 10טע בילד | דער שלימזלדיגער קורצזיכטיגער. |
| דאס 11טע בילד | אין טאָדעס געפאהר. |
| דאס 12טע בילד | דער אויפשטאנד דער בויערן. |

## פיערטער אקט.

| | |
|---|---|
| דאס 13טע בילד | דיא בויערן פעסט. |
| דאס 14טע בילד | דער געפאנגענע העכט. |
| דאס 15טע בילד | דיא לוסטיגע ציגיינערין. |
| דאס 16טע בילד | מיין שבועה גילט ניט. |
| דאָס 17טע בילד | דער געטליכע איבערפאל. |
| דאס 18טע ביכד | דאס רעטונגס שיפעל. |

## פינפטער אַקט.

| | |
|---|---|
| דאס 19טע בילד | קארל דער פינפטע ביים רייכסטאג אין ווארמס. |
| דאס 20טע בילד | רבי יאָזעלמאן פערטהיידיגט דיא יודען. |
| דאס 21טע ביכד | דער האפנאר. |
| דאס 22טע בילד | דיא געפונענע טאָכטער. |
| דאס 23טע בילד | א ישועה אויף יודען. |

# ערשטער אקט.

(שטעללט פאר דאס אִיננערע פון איין אלטפרענקישער סינאגאָגע אין פראנקפורט אם מאין—אין דער מיטטע שטעהט איין עסטראדע פון ביידע זייטען מיט טרעפּ—אין דיא פיער קאלאנען פון דער עסטראדע ברעננען ליכט. דיא גאנצע סינאגאָגע איז אילומינירט—אויף דער עסטראדע, וועלכע איז איבערגעדעקט מיט אבאלדאחין, שטעהט דער חתן ברוך — נעבען זיין מחותן אהרן רבי מאזעס, רבי יאזעף און פיעלע אנדערע יודען—לינקס נעבען ברוך'ן שטעהט זיין כלה שרה עסטליך געקליידעט, נעבען איהר ביז אראָפּ דיא טרעפּ שטעהען פרויען ווייס געקליידט מיט ליכט אין דיא הענד—וועהרענד דער פארהאנג געהט ארויף זינגט דער קאנטאָר מיט דעם קאהר:

קאָהר דער וואָס איז דער גרעסטער איבער אללע
דער זאָל יעצט בענטשען חתן וכלה.

קאנטאָר דער וואָס בענשט דעם טאָג, ווען ער שטעהט אויף
און דיא זון, ווען זיא געהט נאָר ארויף,
(סאָלאָ) אויף דעם הימעל און פלאנעטען אללע,
דער זאָל בענשען חתן וכלה. (קאָהר ווידערהאָלט)

דועט ווער עס בענשט דעם שעהנעם פריהלינג, ווען ער קומט צו געהן,
ווער עס בענשט דיא ראָזען ווען זיי בליהען שעהן.

סופראן און אלט דער זאָל בענשען יעצט אללע
דעם חתן מיט דער כלה.

קאָהר ווער עס שיקט אויף דער וועלט דעם רעגען
ער זאָל בענליקען דיא נאַטור,
דער זאָל שיקען יעצט זיין זעגען
אויף דעם נייעם ליעבענד פּאָאר!
ער זאָל דעם בונד
יאָ מיט געזונד
רהאלטען אויף גאנץ לאנג—
זיך האבען ליעב,
און בייא זייא אין שטוב
זאָל מען הערן נאָר געזאנג.—

(דער שמש טהוט אקלאפ פון דרויסען טהיר קומט אריין פפעפערקארן
נייסטליך געקליידעט, נאך איהם פאנקער מיט א ראללע אין דער האנד, דער
גאנצער עולם סוקען זיך אן און שטוינען.)

פפעפערקארן (צו פאנלערן) העדר פאנלער! לעזען זיא פאר דעם קעניגלי־
כען דעקרעט! —

פאנלער (לעזט אין דער ראָלע) איין ערלאס פאַן גאטטעס גנאדען אונזערעס
קייזערס וועגן דער גאנצען יודישען געמיינדע בעשטימט: דא, איין
עהעמאלינער יודע מיט נאמען פפעפערקארן, עס ניכט לענגער מיט שטיללשוייגען
איבערגעהען קאנן, דאס אין דען ראבבינישען שריפטען נעמליך: אים תלמוד,
צווייא דייטינקייטען נעגען אונזער גלויבען פערברייטעט זינד—

פפעפערקארן (פארגלאצט דיא אויגען) וועה, וועה! —

פאנלער (לייענט ווייטער) דער פראָזאליט האט דאהער דיא קייזערליכע גנאדע
אנגעפלעהעט, איהם צו געשטאטען "זעמטליכע ביכער דעם תלמוד'ס
צו קאנפעסצירען און פערברענען—

ללע (ברעכען דיא הענד) וועה איז אונז! —

פאנלער שאט ניט!—(ער ליינט ווייטער) דאהער מיססען זעמטליכע העברע־
אישע ביכער דער יודען דייטשלאנד'ס דעם פפעפערקארן איבערליפערט
ווערדען אום צו פערברעננען—שאט ניט —

רבי מאזעס גנעדיגער הערר! סענט איהר אונז נישט צייט געבען אום בייא
זיינער מאיעסטעט, דעם קייזער גנאדע צו ביטען?—

פאנלער שאט ניט!—נאר דאס קען איך ניט, וייל דער בעפעהל איז דייטליך
און קלאהר געשריעבען—שאט ניט—

פפעפערקארן (הערויסגעהענדיג) מיר וועללען זיך נאך שפעטער זעהען —
איבערלעגט דאס אייך! (אב)

פאנלער (איהם נאכגעהענד) מיר וועללען זיך נאך שפעטער זעהען —
שאט ניט! (אב)

רבי מאזעס אזוי איין אוננליק — יודען! לאמיר קלעהרען וואס אנצופאננען..
וועה איז אונז יודען ביטטער און שלעכט!

(זינגט סאלא) דאס איז איין אונגליק גאר אומגערעכט!
נא זאנט וואס הייבט מען אן דא צו טאהן? (קאהר ווידערהאלט)

רבי מאזעס מיר דארפען אללע גערען
אין איינעם גוט באקלערען.

(סאָלאָ) פון דעם גזר דעם שווערען
ניכער לויז צוא ווערען,
פאן דער שלעכטער גזירת
ביטערע און שווערע,
ס'איז דאָך אין עבירת
אז אונזער זיסע לעהרע:
דיא הייליגע גמרא,
דיא ריינע און דיא קלאָהרע,
אונזערע עטרה
איז דאָך אין א צרה!......

קאָהר ניין ניין מיר דארפין דאס נישט דערלאזען! (!)

ר בי מאָזעס (פראָזא) אלזאָ מיינע ברידער! ווער זאָל דיא ביטטע ברענגען צום קייזער?—

רבי יאָזעף מיר דארפען וועהלען פאן אונז איינע דעפּוטאציאָן—

רבי מאָזעס אָבער ווער זאלל דער רעדנער זיין?

רבי יאָזעף מיינע ברידער! מיר דאכט עס וואָלט געווען ראטהזאם מיר זאָלען שיקען איינע דעפּוטאציאָן צוא אונזער בעליעבטען געלערנטען רבי יאָזעלמאן — און איהם בעטען ער זאָל זיין דער מליץ יושר; ווייל ער איז זעהר אנגעזעהן און בעליעבט ביים קייזער — בעשטעהט איהר מיינע ברידער? —

אללע מיר בעשטעהען!

ר' מאָזעס גליקליכער געדאנק! צו רבי יאָזעלמאן! צו רבי יאָזעלמאן! און נאט וועט שיקען זיין מלאך פאָראויס ער זאָלל בעגליקען אין זיין שליחות—אלזאָ מיינע ליעבע פארשטעהער! צו רבי יאָזעלמאן!—

אללע (אבגעהענד אויסער אהרן שרה און ברוך) צו רבי יאזעלמאנן! (אב)

אהרן (נעהמט צו צו דיא חת' כלה) זאָרגט ניט מיינע קינדער! זאָרג נישט מיין טאָכטער וואָס דיא חתונה איז שוין צום צווייטען מאָל געשטערט געוואָרען ווע דאס איז א זיווג מן השמים וועט עס ניט פעהלען—אויך דוא מיין ליעבער ברוך זאָרג ניט—דאס אונגליק וועט באלד פאראיבער געהן, ווען רבי יאזעלמאנן וועט זיך נור פאר ווענדין אין דער זאך—שטערט איך נישט איינר פערגנגינגען. (אב)

שרה (צו ברוך'ן) נאָ, וואס שטעהסטו אזוי בעטריעבט מיין ליעבער? דוא האסט דאָך מיך נעלערנט: געדולד — בטחון.

**ברוך** יאָה—געדולד, בטחון!—אלס געטרייער יוד פון מיין אמונה טראָג איך איבער אללע צרות, ליידען גזירות, וואס קומט אויף אונז אללע יודען בכלל נאר אלס מענש, אלס הייסליעבענדער יונגערמאנן, וואָם מיין גאנצעס דענקען, שטרעבען זאָגאר לעבען העננט אָפּ פאן דיין מילדען בליק, פאן דיין זיסען הויך, איז שווער איבער צו טראָגען, צו זיין אזוי נאָהענט נעבען דיר און דאָך אזוי וויים.....

שרה איך מוז דיך יעצט הייגען מיט דער מעדיצין, וואָס דוא האָסט געהיילט מיין פערוואונדעטעס הערץ—הער אוים! (זיא זיננט)

שטענדיג ווען איך מיט מיין שמערץ
בלייב מיר איינע אליין,
הער איך, וויא מיין ביטער הערץ
קלאָגט מיט א געוויין:
ווען וועלען זיך מיידען
מיינע ליידען,
אָה! עס איז שוין דיא העכסטע צייט, דיא העכסטע צייט....
טרייסט דיך, טרייסט דיך מיין נשמה!
זוך אין גאָט נאָר דיין נחמה!
האָף צו איהם! זיין הילף איז שוין ניט ווייט—שוין ניט ווייט!—

ברוך (זיננט) יאָה! עס איז ניט באשערט—קיין זאך געשטערט ניט פאר דער צייט
פיעל מאָל איז מיין גליק געוועןן זאָ נאה און דאָך זאָ ווייט,
עס האט זיך געמאכט
ניט איין טאָג און נאכט
וואָס איך האב געטראכט:
איך זאָל שוין דערלעבען
צו הערען פון דיין ליעבען
יאָה מונדע, דיא שטונדע, סעקונדע אין איינעם צו זיין (שרה ווידערהאלט)

דועט נאָר אזוי זיך פיהרען:
ניט קיין מוטה פערליערען!
וועלען מיר ניט שפיערען
אונזער מיסגעשיק! —
מיר דארפען נאָר איינס שויען:
נאָר אויף גאָט פערטרויען!
וועט ער אונז אויפבויען

אויפ׳ס נייא דאָס גליק —
מענען שנעללע,
אונגליקספעללע,
וועללען צורייסען אונזער בונד,
קען נאָך געראָטהען
גוטע מינוטען
צוזאממענבינדען איהם געשווינד —
יאָה, יאָה, בייא נאָט (3)
יאָה, ביי גאָט קען אלעס מעגליך זיין! —
יאָה, ביי גאָט קען אלעס מעגליך זיין (6)
עס זאָללען נאָר געשווינדער
דיא יודישע קינדער,
פארבעססערן צום גוטען זייער שטאנד
צרות אויפהערן,
מען זאָלל אונז ניט שטערען
שטיל און רוהיג לעבען אין דעם לאנד!
לאמיר יעצטביידע אין איינעם (2)
לאָמיר ביידע יעצט אין איינעם
איינס דאָס אנדערע זיך טרייסטען (2)
פאסען מוטה (3) יאָה...... נור פאסען מוטה.

דער שמש (אין בעגלייטונג פון אהרן קומט אריין) צווייא אלטע יודען וואנדערער פון ירושלים פרעגען זיך אהער אין שוהל זיי ווילען בענשען חתן כלה און ווינשען זייא ברכה און הצלחה פון היילינען לאנד! — אָט קומען זיי! —

ריטטער אולריך (מיט קונצען קוממען אריין פערקליידעט אלס ארץ ישראל יודען מיט גרויע בערד אין קאפושאנס אויף דיא קעפּ אולריך זאָגט שטיל צו קונצען:)

געה דוא אהין רעבטס—פאר רייד זיך מיט אהרנ׳ן און ברוך׳ן און איך וועל דער וויל דאָ קענען ריידען מיט סארא — (קונץ געהט רעכטס און סודעט זיך מיט אהרנ׳ן)

אהרן (הויך צו קונצען) ברוכים הבאים! ליידער זיינען מיר געשטערט געוואָרען פון דער חתונה.—

קונץ (הויך צו אהרנ'ן) מאכט נישט! — אונזער ברכה מוז אללע צרות פער־טרייבען (ער לייגט ארויף ביידע הענד אויף אהרן'ס קאָפּ אין בענשט איהם.

אולריך (בענשט שרה'ן אין רעד צו איהר שטיל) פאר וואס ביסטו אזוי טרויריג מיין קינד! —

שרה — איך בין גאָר נישט טרווירינ רבי! — ווען צווייא אונגליקען פאסירען א מענשען, ווייס ער נישט, פאר וועלכען ער זאָל פריהער זאָרגען—זאָרגט מען בעססער גאָר נישט! — איבערהויפט אז איין אונגליק איז נישט אזוי גרויס. —

אולריך — וועלכעס רעכענסטו פיר דעם גרעססטען? —

שרח — געווים דאס אונגליק פון דעם תלמוד פערברענען! — ווייל דאָס וואס מיין חתונה איז געשטערט געוואָרען, איז א קלייניגקייט! —איז נישט יעצט, וועט שפּעטער זיין —

אולריך — ביסטו אלץ ענטשלאָסען חתונה צו האבען?

שרה (פערלעגען) ג—גא—נץ גע—געווים?

אולריך — געווים? און וואָס וועט דערצו דער ריטטער אולריך זאָגען אז ער וועט נעוואָר ווערען אז דוא האסט חתונה געהאט?

שרה (אלץ אין א פערלעגענהייט) וואָ—וואָס—געהט—מיך—דען—דער — ריטטער אולריך אָן?

אולריך האסטו איהם דען ניט פערלאָקט מיט דיין שעהנהייט? האסטו דען ניט זיין הערץ געוואונען?

שרה רבי! גאָט איז מיין עדות אז איך האב עס קיינמאָל ניט געטהאָן מיט אב־זיכט—דער ריטטער פערפאָלגט מיך שטענדיג מיט זיינער צודרינגליכער ליעבע און וויל גאָר ניט אָפּטרעטען וויפיעל איך טרייב איהם פון זיך — אָבער......

אולריך און וואָס ווערסטו טהון אז דער ריטטער וועט זיך נוקם זיין אָ דיר וועגען דיין אונטרייע? —

שרה (שטוינענד) אָבער.... אָבער.... האָב איך איהם דען מיין פערשפּרעכעז געגעבען?

אולריך סארא! נעהם דיך אין אכט! ! —

שרה (שטוינענד) אָבער, אָבער זאָגט מיר! ווער זייט איהר וואָס איהר רעדט מיט מיר פון אזוינע זאכען, אין דעם אָרט און נאָך בייא דער שטונדע?

אולריך איך ראטה דיר וועגען דיין טובה וועגען — פאלג מיין עצה — דוא זעהסט דאך א פיננער נאָטטעס, וואָס ער האט אויך יעצט גע־זמגרם דיא חתונה — איז דאס ניט א צייכען אז דאס גליק ווינקט דיר אליין צום ריטער אולריך צו —

שרה (אויפפאלענד) אבער זאָגט נאָר! ווער האָט אייך געמאכט צום שליח איהר זאָלט געהן אין שליחות פון דעם ריטטער אולריך? ? ......

אולריך (נעהמט אן שרה'ן פאר דער האנד אין רוימט איהר איין שטיל אין אויער) טאקי איך בין עס דער ריטטער אולריך אליין!! — —

שרה (דערשראָקען) מיין גאָט! — אנטלויפט, אנטלויפט פון דאנען! איך וועל אייך אויסגעבען ווער איהר זייט! —

אולריך איך בין צו אללעמען ענטשלאָססען — אז איך שטעה נעבען דיר האב איך פיר קיינעם קיין מורא—סארא! זאָג מיר דאס לעצטע וואָרט! —

שרה דאס לעצטע וואָרט: איך קען אייך נישט אין ווילל אייך נישט קעננען! (זיא רייסט זיך אוועק פון איהם ער ראנגעלט זיך מיט איהר און רעדט צו זיך שטילל.)

אהרן (הויך צו קונצען) ניין, ניין—איך וועל מיין געלד ניט שענקען—און מאָרגען וועט דעם בירגערמייסטערס זאָהן פון אָבערנהיים אין שולדען־ארעסט געהן פיר מיין געלט — און קונץ דעם שכור וועל איך אויך לאָדען פיר מיין חוב.—

קונץ אבער איך בעט אייך האט מענשליכקייט אין זיך — ווען איהר וועט דאס טאָהן, וועט דער בירגערמייסטער אראָפּ פון זיין שטעלע און קונץ וועט רואינירט ווערן—

אהרן וואָס נעהן זיי מיך אן לאָזען זיי נעהן צום טייפעל: מיין געלד מוז איך מאָרגען האבען—נאָר זאָגט מיר ר' קרוב! וואס געהט דאָס אייך אן? ווער האט אייך געמאכט פיר אמליץ יושר פיר דיא פריצים —

קונץ היט אייך פאר דיא פריצים! ווייל איהר — ווייל מיר ווייל איהר זענט מעהר ניט וויא — יודען!—

אהרן (פערלעגען) נאָ? און איהר ווער זייט? — — הע רבותי; דער מענש קומט מיר עפעם פערדעכטיג — ר' קרוב; ווער זייט איהר? ארויס פון דאנען! — נעהמט איהם!

קונץ (ווארפט אראָפּ פון זיך דיא באָרד און דעם מאנטעל) האסט מיך דער קענט אהרן? דאָס בין איך! —

**אהרן** דאס ביסטו קונץ דער שבור—שמש וארף איהם ארויס (וועהרענד דער שמש וויל צו געהן לויפט צו אולריך ענטקליידעט מיט דער שווערד אין דער האנד) איהר זאלט דאס נאר וואגען פערפלוכטע יודען! פיעלייכט ווילט איהר מיט מיר אנפאנגען? שארע, וואס איך וויל מיין שווערד ניט בעשמוצען מיט אייער בלוט זאנסט!...... (ווענדעט זיך צו שרה׳ן) אונד דוא סארא! אופס וויעדערזעהן אין איין אנדער פלאטץ. (אב)

**קונץ** (צו אהרנ׳ן) ממילא איך וועל שוין ליגען אין דער ערד אבער איך וועל אייך אויך מיט שלעפען. (אב)

**רבי מאזעס** (מיט אללע פארשטעהער קומען אן פון איין אנדערער זייט) נא מיינע ליעבע מחיתנים! איהר זעהט דאך אז אין אונזער שטאדט איז א גזירה און איבער דעם קענען מיר אייער חופה נישט ענדיגען איהר מוזט איינסטוויילען צוריק פאהרען צו אייך נאך אבערנהיים — און ווען גאטט ווירד זיך מרחם זיין און דער תלמוד ווירד בעפרייט ווערדען, וועט איהר קומען אהער או׳ מיר וועלען אייער התונה מיט דער גרעסטער פריידע פייערן — יעצט מוזט איהר אונז ענטשולדיגען — (אהרן, ברוך, שרה, און נאך איינינע מחותנים פון אבערנהיים געהן טרויריג אוועק) און איהר מיינע ליעבע ברידער מוזט יעצט קלעהרען איין עצה וויא אזוי זיך מיט דעם אונמענש פפעפערקארן זיך אויסצוגלייכען — ער פאר־דערט א גרויסע סומע פון אונז ער זאל זיין מסירה פון דעם תלמוד צוריקרופען. —

**רבי יאזעף** וואו זאללען מיר נעהמען אזא גרויסע סוממע? ער פאדערט צעהן טויזענד גולדען! —

**רבי מאזעס** מען מוז זעהן זיך מיט איהם דינגען — פיליכט וועט ער עפעס נאכלאזען, וואס זאללען מיר טהאן? פון רבי יאזעלמאנן איז נאך קיין ידיעה דא? —

**שמש** יאהאנעס פפעפערקארן וויל אריין קומען! —

**רבי מאזעס** רבותי! מיר זאללען זיך יעצט ניט איילען אפצומאכען — ביז מיר וועלען ניט הערען דעם נייעם קייזערליכען דעקרעט! —(צום שמש) לאז ער אריינקומען!

**פפעפערקארן** (אין בעגלייטונג פאן פאנגלערן קוממען אריין—אללע נייגען זיך) נייגט זיך ניט! וואס טויג מיר דער כבוד, וואס איהר ניט מיר אפ — איך ווייס דען נישט, אז איהר שילט מיך און האסט מיך אין הערצען. —

**פאנגלער** דאס שאט ניט! —

פ פ ע פ ע ר ק אָ ר ן זאָגט מיר בעסער, בעשטעהט איהר אויף מיינע תנאים ? —

ר ב י מ אָ ז ע ס מיר קענען אייך אזא גרויסע סומע נישט געבען —

פ פ ע פ ע ר ק אָ ר ן פונפציג טויזענד גולדען אויך נישט ? —

ר ב י מ אָ ז ע ס אויך דאָס איז צו פיעל — מיר קענען אייך דערוויייל גאָר נישט געבען. —

פ אָ נ ל ע ר גאָר נישט ? איז ווענינ —

פ פ ע פ ע ר ק אָ ר ן איך ראטה אייך רבותי איהר זאָלט אייך מיט מיר פער־גלייכען מיט גוטען — איהר ווייסט דאָך אז איך בין א חשוב ביים קייזער עס וועט אייך נים העלפען קיין מליץ יושר — גיט מיר צעהן טויזענד גולדען און איך וועל אייערע ספרים בעפרייען. —

ש מ ש (קומט אריין) רבותי ! רבי יאָזעלמאָנן קוממט ! (אללע סודען זיך — קוקען זיך אָן.)

ר ב י י אָ ז ע ל מ א נ ן (קוממט אריין מיט א ראָללע אין דער האנד — אין פראנ־צויזישער טראכט פון יענעם יאהר־הונדערט — אללע ניינען זיך פאר איהם — מוזיק פאנגט אָן א רעטורנעללא — שפיעלט נאָך דעם רע־טשעטטאטיווו פון רבי יאָזעלמאנן).

שלום רבותי ! — זייט מיר ווילקאָמען !—

איך וועל אייך מעלדען וואו איך וואר און פאָן וואו איך בין געקומען —

איך וועל אייך באלד מיטהיילען : פון דער שלעכטער ביטערער גזירה,—דער אונגעוועהנליכער נזר — האָט אויך מיך שטארק בעריהרט —

בין איך דען נים — דען אויך א יוד !—

איז דען נים אייער צרה, איז דען נים אייער ליידען, אויך מיין לייד :

דאָס איז דאָך געוועזען מיין הייליגע פפליכט.

פיהל איך דען נים מיט מיין פאָלק זיינע שווערע ליידען ? —

האנקט זשע פריהער זיינער קייזערליכען מאיעסטעט.

און בעטעט פיר זיין לעבען, בעט ! —

וואָס ער איז מיט גנאָדע פולל.

און האָט מיט זיין גרויסען חסד צוריקגענומען דעם נזר — נאט (ער רייכט אי־בער דיא ראללע דעם פאָרשטעהער).

א ל ל ע (זינגען) געלויבט זאָל זיין גאָט וואָס ער טהוט חסד מיט זיין פאָלק. —

עלמאנן (פראזא) קום איך ניט צו שפעט רבותי? — האט איהר
נאך מיט דעם ניט אפנעמאכט (ער וויזט אן אויף פפער־
פערקארנען) איך האב עבען דעם בירגערמייסטער דען קייזערליכען ערלאס איינער־
הענדיג איבערגעגעבען, אין וועלכען ער בעפעהלט דיא ספרים אייך זאפארט צר
ריק צו געבען! —

פאנגלער דאס שאט ניט! —

פפעפערקארן און ווער ביסטו.

רבי יאזעלמאנן (הילט אויף זיין מאנטעל, און בלייבט אין הער אוניפארם
אלס קייזערליכער בעאמטער) איך בין א יוד אוים ראסהיים
מיר האבען זיך שוין אמאל בעגעגענט!......

פפעפערקארן (בעטראפען) וועה, וועה! —

פאנגלער שאט ניט! —

רבי יאזעלמאנן (צו דיא פארשטעהער) יאה רבותי! איך האב דעם קייזער
ערקלעהרט דיא גראסע טיעפע אידעע פונים תלמוד, וואס
דער אונוויסענדער מענש האט פערליימדעט — אויך האב איך דעם קייזער גע־
זאגט, אז מיר יודען האבען שוין פיעלע צרות איבערגעליטען; מיר האבען אונזער
לאנד פערלארען, דאס הויז פאן אונזער גאטט ליגט אין טריממער שוין פיעלע
יאהרען — פון אללע אונזערע אוצרות וואס מיר האבען פערלארען האבען מיר נאר
איינס אפגעראטעוועט: — דיא היילינע תורה! וועלכע איז אונזער אייציגע נחמה
אין אונזערע ליידען — זעהר אפט איז יודיש אונשולדיג בלוט פערגאסען געווארען,
זעהר אפט זענען דיא קערפער פון אונזערע ברידער, ווייבער און קינדער פערברענט
געווארען אויף דעם שייטערהויפען, אבער אונזערע היילינע ספרים האט נאך קיינער
נישט בעריהרט! — קען דען דער געדאנקע פערברענט ווערען? ......
קען דען פון א גייסט בלוט רינען? קערפער קענען צו שטאכען ווערן, לייבער קע־
נען צו שניטען ווערן, אבער דיא תורה לעבט אייביג וויא דער גייסט און מאכט
זיך פליענעל אריבערצופליהען דור דורות וויא דיא עווינקייט אליין!...... (נעלא־
סענער) דער גנעדיגע קייזער האט דיא גזירה צוריק גערופען — נעלויבט איז דער
אללמעכטינע, וואס האט צושטערט דיא פלענע פון אונזערע פיינדע. —

פפעפערקארן אלזא — האט איהר מיך ביים קייזער פערקלאגט? —

פאנגלער דאס שאט ניט! —

רבי יאזעלמאנן בעוואהרע נאט! — דער כאראקטערצוג פאסט נאר פיר
אזוי איינעם וויא איהר זייט — מיר פערטהיידיגען נאר אונזערע רעכטע!

פפעפערקארן אלזא — ווילט איהר מיך טייטען?
פאגלער דאס שאט ניט!
רבי יאזעלמאנן בעוואהרע גאט! — איך פארשטעהע אייך! —.... איהר וואלט בדי געוואלט איינע קליינע ארפייגע פון א יודען בכדי איהר זאלט קענען גילטין פאר א קליינעם היילינגען מארטירער.... נאר ניין — יעדער יוד ועט זיך מיאוס'ן אייך צוא בעריהרען מיט דער האנד, וואס ער בערירט און קושט דיא ספר תורה. גאט וועט אייך בעצאהלין פאר אלל דאס שלעכטע, וואס איהר האט אונז שוין געוואלט טהון און פאר אללעס, וואס איהר דענקט נאך אונז צו טהון! — און אונז — וועט אונזער גאט ניט פערלאזען; יאה — א נייע צייט קוממט אן איך הער שוין דאס רוישען פון איהרע פליגעל..... דאס איז דיא צייט דער רעפארמאציאן!...... יאה איך פיהל שוין וויא דיא צייט קוממט אן, א צייט. וואס מען וועט אונז יודען ניכט מעהר פערפאלגען פאר אונזער ריינער אין היילינגער אמונה — א צייט, וואס רעכט און גערעכטיגקייט וועט הערשען אין דער גאנצער וועלט — אמן. —
פפעפערקארן (הערויסגעהענדיג) וועה, וועה!
פאנגלער (געהט איהם נאך) מיר דאכט, מיר זיינען מיר ביידע אויף צרות — שאט ניט (אב)
רבי מאזעס (צו רבי יאזעלמאנן) ערלויבט אונז, אים נאמען דער פראנקפור־טער יודען געמיינדע, אייך צו דאנקען פאר דער טובה, וואס איהר האט אונז געטוהן! —
רבי יאזעלמאנן אויב איהר ווילט מיר טהון א טובה, זאלט איהר מיר נישט דאנקען — איך בין געוועזן ביים קייזער צו בעטען פאר אללע שטעדט, וואס דיא גזירה האט דארט געטראפען, און אז איך האב אויף דעם וועג באגעגענט אייער דעפוטירטען, האב איך איהם שוין ערקלערט, אז איך טהוא נאר מיינע מענשליכע פפליכט אלס טרייער יודישער פאטריאט, און יעדער וואהרער יוד אן מיינע שטעללע דארף עס אלס היילינגע פפליכט האלטען פאר זיין פאלק און אמונה צו קעמפפען. —
נעזאנדטעטער (פון אבערנהייט קוממט אריין) איך קום עבען געשיקט פאן אבערנהיים צו אונזער וואהלטהעטער און רעגירער רבי יא־זעלמאנן! — איהם צו בעטען זיך שנעלל נאך אבערנהיים צו בענעבען! דען דארט איז ערשט געשעהן איין אונגליק —: דער קו.-ץ האט, אוים ראכע, א פאלשע מסירה דערלאננט אויף דיא דארטיגע יודן — און מע האט שוין פיעלע פערהאפטעט:

צווישען זיי אויך ר׳ אהרן, זיין טאכטער שרה און איהר חתן ברוך — דיא נעמיינדע פון אבערנהיים לאזט אייך דרינגענד בעטען צו קוממען, פיקייכט וועט אייך נעלינגען דעם דארטיגען בירגער מייסטער זייער אונשולד צו איבערציינגען און דיא אונשולדינע צו בעפרייען.—

רבי יאזעלמאנן נעהט צוריק!—און זאגט דארט איך קום באלד—טרייסט. איינסטווייקען דיא אונגליקליכע זיי זאלען קיין מורא האבען, דען עס דרימעלט און שלאפט ניט איזראעלס וועכטער ער וועט שיקען פריהער זיין מלאך איך זאל מיין שליחות בעגליקען (געזאנדעטער נעהט אב) יאה רבותי! אל תירא עבדי יעקב כי לא ינום; ולא יישן שומר ישראל (ער זינגט)

א

דער גרויסער שעפפער פון דיא וועלטען—גאט
האט זיך געקויפט א קנעכט פאר דיא צעהן געבאט,
זיינע גרויסע מעשים אומעדום
צו דערציילען, שיקט ער איהם ארום!—
און אז ס׳טרעפט איהם איין אונגליק דארט!—
ווען ער וואנדערט פון ארט צו ארט!—
הערט ער דאס טרייסטענד ווארט:
„האב נישט מורא יענקאניא מיין קנעכט!"
—אזוי זאגט גאט דער גערעכטער —
„פערליר קיין מוטה! עס וועט דיר ניט זיין שלעכט!
„עס דרימעלט ניט דיין וועכטער!! —

ב

נאך יונגערהייט, אז ער האט פארלאזט זיין לאנד,
צו רעטען זיין לעבען פון זיין ברודער עשו׳ס האנד:
עלענד אין דער וויסטע איינער אליין
ווערט ער אנטשלאפען אויף א הארטען שטיין! —
ער זעהט אין חלום א לייטער שטעהט, —
און פון הימעל א מלאך צו׳ן איהם אראפגעהט —
און ראהמט איהם איין שטילערהייט:
האב נישט מורא. א. ז. וו.

ג

פערפאלגט פון פרה׳ס שטארק מיליטער

לופט ער פאר שרעק צו דעם טיעפען מעער —
פון פאָרענט און פון הינטען גרויס געפאהר.
זיין לעבען איז געהאנגען אויף איין האאר.....
פלוצלונג—א ליבלעך קול דערהערט ער:
„ קום קום יענקאָניאָ קום אהער!
„ געה גלייך, געה גלייך אין מעער!
האב ניט מורא . . א. ז. וו.

ד

און ווען מען טרייבט איהם, גיך און געשווינד,
פון א לאנד ארויס מיט זיין ווייב און קינד,
מיט פארוויינטע אויגען בלייבט ער שטעהן
ער ווייסט ניט נעבעך וואוהין צו געהן......
פלוצלונג הערט ער וויא א קול רופט אויס:
„ וויין ניט, מאך דיר ניט דרויס!
„ געה, געה, דיא וועלט איז גרויס!!
„ האב קיין מורא יענקאָניאָ מיין קנעכט".
„—אזוי זאָגט גאָט דער גערעכטער—
„ פערליר קיין מוטה, עס וועט דיר ניט זיין שלעכט!
„ עסדרימעלט ניט דיין וועכטער!!"— (וויל געהן)

רבי מאָזעס (פראזא) רבי יאָזעלמאַן, בעפאר איהר געהט אוועק אין אייער הייליג שליחות צו רעטען דיא יודען פון אָבערנהיים — בעטען מיר אייך אונז צוליעב טהון און טהייל נעהמען מיט אונז אין דער שמחה פון דער בפרייאונג פון אונזערע הייליגע ספרים—זעהט וויא אללע יודען פרויען און קינדער זיינען געקומען אהער מיט אונז אין איינעם זיך צו פרייען (מען זעהט וויא פיעלע יודען פרויען, קינדער, קוממען אן יעדער טראָגט אין דער האנד א ספר).—

רבי יאָזעלמאנן (האלט אין דער האנד א גמרא געהט ארויף אויף דער עסטראדע—פון ביידע זייטען רעכטס און לינקס שטעהן אויסגעשטעלט דאָס פאָלק—רבי יאזעלמאנן זינגט)
פיעל האט יהודה פארלאָרען
פון זיין גוטען שטאנד,
פיעלעס האָבען מיר אָנגעוואָרען:
אוצרות, כבוד און לאנד,

א י י נ ס איז פערבליבען,
וואס קען ניט געראויבט ווערען—ניין!
וואס טיעף אין דעם הארצען איז דאס פערשריעבען
דאס איז — דיא תורה אליין! —

ד ו ע ט זיא איז דאך אונזער פראכט
זיא איז דאך אונזער מאכט
זיא איז דאך אונזער פאהן!
וואס קען א שונא אונז טהאן?—

ק א ה ר זיא איז אונזער פראכט,
זיא איז אונזער מאכט,
זיא איז אונזער שעהנע פאהן;
דאס הארץ איז איהר ארט......
פארשטעקט ליגט זיא דארט!......
וואס קען איהר נאר א שונא טהאן!—

ק א ה ר לאמיר איהם זינגען ליעדער,
פרייען זאל זיך יעדער מאז — הא! הא!
(זינגט און טאנצט) מיר האבען אונזער תורה ווידער,
אייביג וועט זיא מיט אונז טאקע זיין! —
זיא איז אונזער פראכט,
זיא איז אונזער מאכט,
זיא איז אונזער שעהנע פאהן!
וואס קען א שונא אונז נאר טהאן! —

(אללע הייבען אויף טאנצענדיג דיא׳ספרים אין דער הויך וועהרענד דעם פאלט דער פארהאנג.)

## ענדע פון ערשטען אקט.

# צווייטער אקט.

(שטעלט פאר א קאָרידאָר פון א קערקער—רעכטס א טהיר וואָס פיהרט אין דרויסען—לינקס, א טהיר, וואָס פיהרט צום בירגערמייסטער אין צימּמער אויף עטליכע טרעפּ.- פון ביידע זייטען טהירען ציהען זיך קערקער־ווענדע מיט פערשלאָסענע קליינע קערקער־טהירעלאַך—אים הינטערגרונד אַ רונדע אַרקע מיט טויער פערזעהען, דורך וועלכען עס קוקט אַרויס דער הימּעל—פון יענער זייט טויער אין דרויסען זעהט מען שטעהען אַ וואַך—פון דערזייט טויער אין קאָרידאָר שטעהט דער קערקערמייסטער מיט אַ סך שליסעל אין דער האַנד—ער פּראָבירט אַ פּאַלטער מאַשין ביים פייער—וועהרענד דער פּאָרהאַנג געהט אַרויף—קומט אַריין פון דער טהיר לינקס דער בירגערמייסטער נאָך איהם—פּאַגלער—דער בירגערמייסטער זעצט זיך אויף אַ שטול נעבען אַ לאַנגען טיש, וואָס איז איבער געדעקט מיט גרינעם טוך און אויף איהם שטעהען טינט און פעדער און פּיעלע פּאַפּיערן ליגען—פּאַגלער זעצט זיך וויז—א--וויז נעבען טיש גע־גען בירגערמייסטער.)

בּראַנד אַזוי, אַזוי בלייבט עס! — דיא יודען מוזען אונטער דער פאלטער זייער לעבען ענדיגען — הא? וואָס זאָגסטו מיין געטרייער קאַנצלער?

פּאַגלער דאָס שאַט ניט! —

בּראַנד אבוואָהל דיא מסירה, וואָס קונץ האט אויף זייא גענעבען א־ז נישט אזוי וואהר; נאָר דיא יעצטיגע געלעגענהייט קען מיר זעהר ניצליך זיין —מענען דיא יודען אומקומען — וואָס מאַכט עס אויס? — זייא זיינען דאָך נישט מעהר וויא יודען? הא?

פּאָגלער (ערשראָקען אביסעל) שאַט ניט! אבער גנעדיגער הערר איך האָב מורא אַז דער שכור קונץ קען נאָך חרטה האָבען און זאָל אבלייקענען יין גאַנצע מסירה! —

בראַנד (הויך) וואָס! —

פּאָגלער (ערשראָקען) שאַט ניט! —

בראַנד קונץ וועט דאָך אזא נאר ניט זיין ער זאָל עס טאָהן, עס וועט דאָך איהם זיין לעבען קאָסטען —

פּאָגלער ע, וואָס מאַכט זיך אזא שכור פון זיין לעבען! — אבער, אבער......

בראַנד אבער, אבער דיא יודען מוזען פאַרבּרענט ווערען (געלאַסען) ע — הערר שטאָאַטס—שרייבער (פּאָגלער בייגט זיך א ביסעל צום טיש) איך ווייס

אז איהר זייט מיר שטענדיג טרייא געווען—איך האב אייך אמאל, צייטענווייז אויך צוגעלאָזט א פאָרדינסטעל—פארשטעהט איהר?......

פאנלער יאָ איך פארשטעה...... איין האנד וואשט דיא אנדערע. עס שאט ניט! —

בראנד אָט אזוי, אָט אזוי! — שעהן, שעהן — ע — ע — איך וויל אייך א געהיימנים פערטרויען: (פאנלער בייגט זיך אן אויפ'ן טיש — שפארט אונטער דעם קאָפּ מיטביידע הענד און הערט אויפמערקזאם) איך האב זעהר א וויכטיגען גרונד צו זאָרגען אז דיא יודען זאָללען מעהר פּנים קערקער נישט ארויסקוממען—וייל......

פאנלער (רוקט זיך ארויף מיט דעם האלבען קערפּער אויפ'ן טיש—ליענענדיג) יאָה. ווייל......ווייל....יאָה ווייל עס שאט ניט!

בראנד ווייל מיין זוהן איז שולדיג דעם אהרנ'ן צוויא טויזענד גולדען און האָט איהם נישט צו באצאָהלען — און דער יוד וויל איהם פערקלאָגען און ברענגען אין שוּלדענ — ארעסט — אונד ווען דאָס געשעהט, בעוואהר'ע נאָט! אזוי...... אזוי......

פאנלער (רוקט זיך ארויף מיט דעם גאנצען קערפּער אויף'ן טיש — קוקט אויפמערקזאם צו בראַנדען) אזוי...... אזוי...... שאט ניט! —

בראנד אזוי פארליר איך מיין נאמען, מיינע שטעללע. —

פאָנלער (אלץ אויף דעם טיש ליגענדיג) דאָס שאט ניט — — נאָ.... נאָ! ......

בראנד יעצט אָבער, אז עס האט זיך אזוי געמאכט, אז דורך קונץ'ס מסירה זיינען זיי אריינגעפאללען צו מיר אין דיא הענד, האב איך, און מיין זוהן שוין מעהר קיין מורא; דען ארויסלאָזען וועל איך זייא שוין מעהר ניט — זייא מוזען דאָ שטארבען, האָ?—

פאָנלער (לִיגענדיג מיט דעם גאַנצען קערפּער אויף'ן טיש אזוי, אז זיין נאָז האט זיך פעסט בעריהרט מיט דעם בירנערמייסטערס נאָז) יאָה; זייא מוזען שטארבען;—דאָס שאט ניט;—

בראנד (פאר גרויס שמחה טהוט א שטארקען קלאפּ מיט דער האנד אויף'ן טיש— און טוהט א געשרייא) בראוואָ!! —

פאָנלער (דערשראָקען קעהרט זיך איבער מיט דעם טיש אויף דער ערד.)

בראנד (בעמיהט זיך איהם העלפען אויפצוהויבען פון דער ערד) אָבער דערווייל שטארבט איהר נור נישט!—

פאנגלער (זיך אויפהייבענדיג) שאט ניט !—.

בראנד אזוי אזוי! נא — מאכט זשע דערווייל פערטיג אללעס דאמיט דיא נע־ שיכטע זאלל איין ענדע נעהמען — איך וועל באלד שיקען נאך דיא ריכ־ טער דיא זאך זאל ניך איין ענדע נעהמען — וויא זאגט איהר?—איהר וועט עפעס אויך דערביי פערדינען — הא? —......(אב).

פאנגלער פערדינען? דאס שאט ניט! — אר מיט גוואלד נעהמען דאס טויג ניט, ווייל מען קען נאך חאפען א פסק א וואוילען און האבען א סוף דערפאר —. (ער זינגט).

1.

א קאסירער וויל זיך לעבען גרויס און — האט ניט
(ער ווייזט מיט דיא פינגער אויף געלד.)
ער פרואווט זיך צו בארגען ביי יענעם אויס און פועלט ניט.
חאפט ער אליין אין קאססע אסך — דאס טויג נים.
חאפט מען און מען ארעסטירט איהם גלייך — דאס שאט נים.

קענסטו ניט מיט גוטען פועלען
זייא זשע ניט קיין נאר!
ווערסט נאך חאפען א פסק א וואוילען
און האבען א סוף דערפאר!...... (ער טאנצט זיך צו)

2.

א שוועד זאגט צו דעם חתן נדן — און האט נים!
דיא חתונה דארף באלד שוין זיין — ער פועלט ניט!
דער שווער לאכט איהם נאך נאר אויס — דאס טויג נים;
דער חתן רייסט איהם דיא בארד אויס — דאס שאט נים.
קענסטו ניט.... א. ז. וו.

3.

אין רעסטאראנט עסט זיך איינער אן גוט — און האט נים!
ער בעט ביים קעלנער א קרעדיט — ער פועלט נים!
פאר א משכון גיט ער איהם זיין שטאק — דאס טויג נים!
נעהמט מען פון איהם אראפ דעם ראק — דאס שאט נים.
קענסטו ניט.... א. ז. וו.

4.

א ווייבעל בעט בייא איהר אלטען פראנט — ער האָט ניט..
ער זאָל איהר קויפען א בריליאנט — זיא פועלט ניט!
זיא שעלט און שרייט אויף איהם גאנץ הויך—דאָס טויג ניט!
דער אלטער הרגעט זיא אָן אויך — דאָס שאט ניט.
קענסטו ניט...... א. ז. וו.

5.

איינעם האט זיך טהעאטער פערגלוסט — און האט ניט!
ער וויל ארייננעהן נאָר אומזיסט — ער פועלט ניט!
גנב'עט ער זיך אריין אליין — דאס טויג ניט!
פיהרט מען איהם ארויס גאנץ שעהן דאָס שאט ניט.
קענסטו ניט...... א. ז. וו.

רבי יאזעלמאנן (קוממט אריין רעכטס פון דער דרויסען טהיר—טראגט אין דער האנד א פאס) איין ערלויבנים פון בירגערמייסטער איך זאָל רעדען מיט יעדען פון דיא ארעטירטע יודען מיט וועלכען איך וועל נעטהיג נעפינען.

פאנלער (קוקט אן דאָס פאפיער) דאס שאט ניט; — מיט וועמען ווילט איהר ריידען? —

רבי יאָזעלמאנן; מיט דעם יודען אהרן פאָן אורבים; —

פאנלער קערקערמייסטער! פיהר ארויס דעם יודען אהרן נומער 4 (ער זעצט זיך צום טיש שרייבען' דער קערקערמייסטער שליסט אויף א טהירעל—עס קוממט ארויס אהרן אין קערקערקליידער—טרויעריג).

רבי יאזעלמאנן (לויפט צו און נעמט ארום אהרנ'ן) וועה! אז איך דארף אייך טרעפין אין אזא צושטאנר.

אהרן קוממ איהר אהער רבי צו זיין אונזער מלאך מושיע?

רבי יאָזעלמאנן אז נאָט וועט הייסען—פאָרלויפיג איז דער בירגערמייסטער זעהר אויפגעבראכט, און לאָזט זיך נאָר ניט ריידען—קויט איך האב נעהערט האט דער מסור קונץ זיין מסירה אבגעלייגט מיט א שבועה, דערפאר וועט אייער בעפרייאונג צו געהן צו שווער.... און דערצו לעבען מיר נאך אין אזא פינסטערער צייט צווישען אזוינע פינסטערע מענשען, וואָס קלעהרען נאָר מיטלען אונז צו בערויבען, אונז צו טייטען! —

אהרן אה נאט! וואס האבען מיר אזוינס נעזינדיגט, אז מיר זאָלען דארפען אזוי אפּקומען. —

רבי יאָזעלמאנן ווען איהר וועט נאכדענקען, און זיך אליין אפּגעבען חשבון פון אייערע מעשים וועט איהר שוין נעפינען דעם טעם, פאר וואָס דער אלמעכטינער שיקט אויף אייך אן דיא שטראָף! ... זאָגט מיר נאָר —— זייט איהר בעקאנט מיט דעם בירגערמייסטער אָדער—קען ער אייך גאָר ניט......(ער פארשט איהם מיט זיין בליק)

אהרן יאָה! — איך פלעג איהם שטענדיג געלד בּאָרגען און מיר האבען דווקא פריינדליך געלעבט; נאָר דיא לעצטע צייט איז מיר זיין זוהן שולדיג געבליבען א גרויסע סומע און וויל נישט בעצאהלען, האב איך איהם געוואָלט אנקלאגען...... מילא פון דעם שכור קונץ רייד איך שוין ניט, זיין געלד האלט איך שוין לאנג פאר פארפאלען—אָבער—אָבער—

רבי יאָזעלמאנן (פארשט איהם דיא גאנצע צייט מיט דיא אויגען און טראכט) מם! מם! — (ענטשלאָסען) הערט אויס רבי אהרן! איהר ווייסט עס און יעדער ווייסט עס אז מיין אמונה, מיין פאָלק איז בייא מיר זעהר טהייער און וויא געדן אפּפער איך מיינע אינטערעססע — יאָה, זאָגאר מיין לעבען האב איך נישט איינמאָל איינגעשטעלט און וועל נאָך איינשטעללען ווען עס זיך האנדעלט זיך צו רעטטען מיין פאָלק פון איין אונגליק — איך פערטהיידיג איממער דאָס יודענטהום, אבער יודען איז מיר שווער צו פערטהיידיגען; ווייל.... ווייל ער אליין איז זיך שולדיג! — ווייל, ווען ער טוהט א פעהלער וועגען זיינע אייגענע אינטערעססע, פערגעסט ער אז זיין פלעק וועט בעשמירען דאָס גאנצע יודענטהום!..... און פאר דעם „יחיד" וועט ליידען דער „רבים"—דעם ערשטען בייישפּ על האבען מיר נעהאט פון „מרדכי," וואס איבער איהם האט מען געוואלט אללע יודען פון שושן אום ברענגען — אונזערע שונאים ווילען נישט וויססען פון „איינעם"—מען בעשולדיגט אונז „אללען" דארום: אים נאָמען דעם יודענטהום אים נאמען פון אונזער חתן, פון אייער איינציגער טאָכטער. וואָס זייא ליידען געוויס איבער אייך אומזיסט — גיט מיר צוריק דאָס וועקסעל! — לאָז דאָס געלד זיין דיא כפרה פאר אייך אללע — איך וועל מיך פּרואווען, פּיעלייכט וועט דאס העלפען — — איך מיין — איהר פּארשטעהט מיך?......

אהרן נעהט א היים צו מיר און לאָז אייך רבי מאָזעס ארויסנעבען דאָס וועקסעל — און לאָז אייך גאָט העלפען אין אייער שליחות — טהוט וואָס

שנעללער; ווייל מיר האבען שוין קיין כח דיא מארטער אויסצושטעהן (ער נעזעגענט זיך מיט רבי יאָזעלמאנן — דער קערקערמייסטער פיהרט צוריק אהרנ'ן אין פערשליסט איהם.

פאנגלער (הייבט זיך אויף פונים שרייב־טיש — געהט צו רבי יאָזעלמאנן) נאָ, נאָ, נעהט צוריק אריין! —(ער דערזעהט דעם טעות און ענטשולדינט זיך) ס'שאט ניט! — דארפט איהר נאָך יעמאנדען פון דאנען זאָגט, זאָגט עס שאט ניט! —

רבי יאזעלמאנן שיקט מיר ארויס קונץ פאן—דער—ראָזען! —

פאָנגלער קונץ פון שפירטוס מיינט איהר? — קערקערמייסטער! פיהר ארויס קונץ נומער זיבען הונדערט א האלבס—(פאָנגלער וויל ארויסגעהן — בייא דיא טרעפּ, וואס פיהרען צום בירגערמייסטער אין צימער, פאלט ער עטליכע מאָל, ווייל ער דערזעהט ניט — ענדליך געהט ער הערויס.)

רבי יאָזעלמאנן (וועהרענד ער דערזעהט קונצען) ענטשולדינגט מיר הערר קונץ, וואס איך האב אייך אהער בעמיהעט — דאס איז וועגען—אייער טובה—איך האב געקענט אייער פאטער—ער איז —

קונץ וואס דארפט איהר מיר דערמאָנען מיין פאטער! — מיין פאטער איז געווען א בראווער פיינער מאנן און איך זיין איינציגער זוהן, זיין יורש, וועל ענדיגען מיין לעבען אויף דעם עשאפאָט—און אין דעם זיינען דיא יודען שולדיג!

רבי יאזעלמאנן ענששולדיגט מיר הערר קונץ, איך מיין, אז איהר אליין זייט אין דעם שולדיג, וואָס אונשולדיגע מענשען מוזען יעצט ליידען, מענשען, וואָס האבען גאָר נישט געזינדיגט —

קונץ יאָה! וואָס האבען מיך אנגערעדט דיא קירכע צו בנגבענען.—

רבי יאָזעלמאנן הערט אוים הערר קונץ! מיר זיינען דאָ אליין — מיר וועט איהר עס ניט זאָגען — דען איך און איהר ווייסען, אז דאָס איז איין שענדליכער ליגע — איך בין איינער פון דיא געלעהרטע פון מיין פאָלק און וויים אז זייט יודען לעבען האבען זייא עס ניט געטהאן און טאָרען עס ניט טהאָן — נאָ? וועט דען אייער געוויססען אייך ניט פלאגען, אז דורך אייער בלבול זאָללען נעטייט ווערען אונשולדיגע מענשען? —

קונץ אונשולדיגע מענשען! — נאָ נעהמט אָן דעם פאלל, אז דיא יודען האבען שוין נישט געטאָהן דאָס, וואָס איך האב זייא פערקלאגט, זיינען זיי דען שוין אונשולדיג? — ווענען האב איך דען מיין אונגליק צו פערדאנקען ווען נישט דיא יודען? — עס איז וואהר — איך בין טאקע געווען א לייכטזיניגער מענש; ווייל

אויף אין שפּיעל זיינען געווען מיינע ליידענשאַפטען, אבער ווער האַט מיר דיא מיטטעל פערשאַפט צו דיא ליידענשאַפטען ווען ניט דיא יודען — זיי האבען מיר שטענדיג געלד געבאָרגט אויף וואוכער צינזען ביז דאָס הויז איז נישט מעהר מיינס און מיין פרוי און קינד מוזען בעטלען געהען.—

רבי יאָזעלמאנן נאָ? און אין דעם זיינען דיא יודען שולדיג? נאַרישער מענש! האבען דען דיא יודען אייך זעהר געלד מיט נעט־וואלד אָנגעוואָרפען? איבערלייגט אייך נור גוט וועט איהר זעהען, אז אייך אליין דארפט איהר פערקלאגען, ניט קיינעם! דען, איבער אייערע ליידענשאַפטען, איבער אייער לייכטזינן האט איהר פאשפּיעלט דיא וועלט, ווילט איהר נאָך יענע וועלט פארשפּיעלען דורך איין אומזיסטע נקמה, דורך אזא שענדליכער עיברה מענשען לאָזען אומברענגען, וואָס האבען אייך קיין שלעכטס געטהאָן.—

קונץ וואָס, ניט קיין שלעכטס? זייא האבען מיר דאָך געלד געבאָרגט! —

רבי יאָזעלמאנן אייך צו שטיטצען אבער ניט געלד צו פערשווענדען, צו פערטרינקען, צו פארשפּיעלען! און ווען זיי פארדערן שוין ניט בייא אייך זייער געלד טראַכט איהר אויס אויף זייא א שענדליכען ליעגען זיי זאָללען שטארבען דורך א שרעקליכען טויט?! —

קונץ נאָ וואָס איז? — זייא זיינען דאָך נישט מעהר וויא יודען! —

רבי יאָזעלמאנן נאָ? און יודען זיינען בייא אייך קיינע מענשען? — הערט מיך אויס: וואָס איהר האט ביז אהער געזינדיגט וועט אייך דער טויט מכפר זיין, וועה וועט אייך אָבער זיין ווען איהר וועט אהין מיט ברענגען דיא שרעקליכע זינד אונשולדיגע מענשען צו טייטען...... זייערע נשמות וועלען אייך נאכלויפען אהין און מיט זייער שרייען און וועה קלאָגען וועלען זייא בעשטורעמען דעם טהראָן פונים אללמעכטיגען גאָטט און וועלען ראכע פאָדערן געגען אייך — עווינע ראכע! עווינ וועללען דיא געמארטערטע אייך פערפאָלגען, א געוואלדינער דורסט וועט אייערע געדערעם פארברענען און קיינער וועט אייך א פרישען טרונק ניט רייכען, הייסע ברעננענדע היצע וועט אייך גליהען, אייער אייגענע פרויא און קינדער וועללען פארשעלטען זייער פאָטער דעם מערדער...... און......

קונץ (גערירט) הערט אויף! הערט אויף! שווערט איהר מיר צו אז נאָך מיין טויט וועט איהר זאָרגען פיר מיין פרוי און קינדער זייא זאָלען נישט בעטלען געהן, וועל איך פיר דעם געריכט זאָגען דיא וואַהרהייט און מיין מסירה פיר פאלש ערקלעהרען!—

רבּי יאָזעלמאנן ניין, ניין! דאמאלס וועט איהר אליין זאָגען אז איך האב
איך געוואָלט איבערקופּען — איהר מוזט געשטעהן דיא
וואהרהייט דער וואהרהייטס ווילען! איהר מוזט צוריקרופען אייער מסירה דער־
פאר; ווייל אייער אייגענער געוויססען האט עס דיקטירט איהר זאָלט ניט אויס־
טראכטען קיין אומזיסטען בלבול אונגליקליך מאַבען אונשולדינע מענשען—נאר אין
דעם פאל וועט אייך גאָטט פערצייהען!! —
קונץ אין פון וואנען זיינט איהר אזוי געניט, העררי יוד? זיינט איהר
דען געוועזען אויבען אין הימעל און גאָטט האט אייך זיינע געהיימניסע
אנפערטרויעט?—
רבּי יאָזעלמאנן איך בין אין הימעל ניט געוועזען, נור גאָט האָט אונז
פאר פיעל טויזענדער יאָהרען פון דעם הימעל טהייל פון
זיינע סודות איבערגענעבען דורך געטליכע מענשען, וואס האבען פארדינט ער
זאָל זיי ליעב האבען — הערען מיר דען ניט ווען ער בייזערט זיך אויף אונז דורך
זיין בליטץ און דאָננער? ! — .... זעהען מיר דען ניט, ווען ער לייכט צו אונז
אראָפּ דורך זיין ליבליכער זונן? ! .... פיהלען מיר דען ניט איהם אין אונזער
קאָפּ, אין אונזער הארץ, וואָס ער האט אונז געשיקט דיא מתנה מיר זאלען קענען
פארשטעהען אז מיר זיינען מענשען, נישט קיין ווילדע טהיערע...... אבער
מענשען — נאָר גוטס צו טהון!! ....
קונץ אי זיינט איהר א געלערנטער מאנן, העררי יוד! — —נאַ — אויב אזוי וועל
איך אייער גוטען מאָראל פאָלגען, איך וועל מיין פאלש עדות צוריקרופען!
חאָטש עס וועט מיך מיין לעבען קאָסטען. —
רבּי יאָזעלמאנן ווען איהר זייט אזוי ענטשלאָסען וועט איהר לעבען און
אייער פרוי און קינדער וועלען שוין פארזאָרגט זיין.
קונץ און אז איך וועל לעבען, וועל איך מיך בעסערן און אז אהרן מיט זיינען
קינדער וועלען לעבען, וועל איך מיך בעשטרעבען פיר זייערע ליידען גוטס
צו טהאן — הערט אויס! ווען א וואגאבונד בעססערט זיך און ווערט בראוו גיבט
עס שוין קיין פיינערס פון איהם—און דיא בעססערונג וועל איך אייך האבען
צו פערדאנקען; דען אייער מאָראל האָט אויף מיר זעהר געווירקט. —
רבּי יאָזעלמאנן שעהן — עס פרייט מיך (ער ניט איהם דיא האנד און
געהט אב).

קונץ יאה דיא מאָראל, דיא מאָראל,
דיא טהוט גוטעס איבעראל!
(ער זינגט)

1

אויף לאנג נעדענקט זיך דיא מאָראל,
זיא לאָזט סימנים איבער סימנים;
תאָמש בייא יעדען אָרט און פאַל
האט זיא איין אנדער פנים:
דער קינט אין קערקער איינגעשפאנט
און קייטען לאנג אהן צאָהל
פלוצלונג — פון דער קערקערס וואנד
ווערט ער בעפרייט אמאָל....
און ווען ער וועט זעהן דיא שפורען
פון דיא קייטען איבעראל;
אוי וועט איהם ליגען אין זכרון
דיא אייזערנע מאָראל! —
יאָה דיא מאָראל. א. ז. וו.

2

א יונגער מאן, נעהט שפעט ביי נאכט
(ווייל פונים שכנ׳ס ווייבעל האלט ער)
אריין אין שטוב; וויל ער טראכט:
„אין דער היים איז נישט דאָ איהר אלטער!"
דער אלטער האט זיך אויפגעחאפט
און נעהמט זיין שטאָק ארוים. ....
און קנאקט איהם, נאָר וואו ער דערטאפט,
אלכע ביינער אוים!......
און ווען דער יונגער מאן וועט קרענקען
און זיך אטאפ טהאָן איבעראל......
אוי וועט ער נעדענקען:
דיא ביינערנע מאָראל!....
יא דיא מאָראל — א. ז. וו.

3

א דאמעלע פריזירט ניט שלעכט
נאָר וויל זיך נאָר ניט שעהמען! —
זיא לויפט ארום דיא גאנצע נעכט;

דער רוח ווייסט זיא, מיט וועמען? —
איהר מאן — פון כעס איז שוין זאט,
ער חאפט זיא אָן ביים צאָפּ,
און רייסט איהר, אלע האָר כמעט,
מאָראַליש אוים פון קאָפּ......
און אז דאָס דאמעלע וועט זיך פריזירען
און דאָ וועט זיין גלאט איבעראַל
אוי וועט זיא דאמאלס שפירען
דיא אויסגעצופּטע מאָראַל—
יאָה דיא מאָראַל — א. ז. וו.

4

וואס ביינאכט אין קעך האט געזוכט הערר קוח?
סען איך אייך ניט זאָגען!—
נאר דאס וויים איך, אז אויף דער שעה
האט עס זיין ווייב דאָרט אָנגעטראָגען
דאס הערציל האט איהר שטארק געקלאָפּט......
זיא האט זיך באלד געקיהלט......
זיא האט א לאָקשענטאָפּ דערטאפּט
און איהר מאן אין קאפּ געציעלט......
און ווען דער מאן וועט זעהן א טעפּיל
דאָ דאָרט און איבעראַל......
אוי וועט איהם לינען אין קעפּיל
דיא לאָקשענטאָפּ מאָראַל! ......
יאָה דיא מאָראַל — א. ז. וו.

(ביים יעדען רעפריין מאנצט ער צו —וועהרענד אויף איהם קלינגען דיא קיי־טען, וואס ער געהט אָנגעטהאָן אויף דיא הענד און אויף דיא פים.)

פאָנלער (קומט א־אָב לינקס פון דיא טרעפּ) נאָ, קונץ שאט ניט אז דוא זאָלסט שוין אריין אהין (ווייזט צום קערקער.)

קונץ עס וואָלט אויך ניט געשאדט אז דוא זאָלסט שוין אריין אהין (ווייזט מיט דער האנד אויף דער ערד וועהרענד פאָנלער קוקט ארויף) בלינדער הונד דוא זעהסט דען ניט ווער עס שטעהט פאר דיר?

פאנלער וויא איך בין קורצזיכטיג קען איך נאך זעהן אז פאר מיר שטעהט קונץ דער שיכר.

קונץ ביסטו טאקע בלינד וויא א הונד — נעהם ארויס דיא אויגען אין דיא הענד, וועל איך דיר ווייזען, אז פאר דיר שטעהט א בראווער פיינער, עהרליכער, מאראלישער מענש: קונץ פאן—דער—ראזען! אויפס ווידערזעהן מיין טהייערער (ער נעהמט איהם ארום מיט דיא קייטען אזוי אז פאנלער פאלט צו דער ערד און ער לויפט אוועק אין זיין סערקער צימער.)

פאגלער (הייבט זיך אויף פון דער ערד) עס שאט ניט! —אומעדום געהט מיר שלימזלדיג — פאר זיינע ווערטער האב איך מורא ער קען נאך אברופען זיין עדות און דאן—זענען מיר קאפוט — שאט ניט! —

ריטטער אולריך (קומט אריין פון דער דרויסען טהיר) אין וועלכער צעלע איז איינגעשפערט דאס אידישע מעדכען?

פאגלער ווער זייט איהר?

אולריך (דעקט אויף זיין מאנטעל) זעהט איהר דען ניט? —

פאגלער (געהט צו נאהענט — דערזעהט דעם ריטטער — דערשרעקט זיך אזוי אז ער לויפט און קעהרט איבער דיא בענקליך — און שרייט מיט א ציטטערענדער שטיממע) קערקערמייסטער, פיהר ארויס דאס יודישע מעדכען נומ־ מער אכט מיט דרייא פערטעל (לויפט ארויס צומישט דורך דער לינקער טהיר — דער קערקערמייסטער שליסט אויף א טהירעל — ער פיהרט ארויס שרה'ן אין קערקערקליידער געקלייט—זיא דערזעהט דעם ריטטער — דערשרעקט און חאפט זיך צוריק.)

אולריך דוא שרעקסט זיך סארא! האסט מורא פאר מיר? מיינסטו פיליכט אז איך האב אנטהייל אין דיין אונגליק? — וואס קוקסטו מיך אן אזוי בייז? —

שרה (טרויריג) וואס ווילט איהר? הערר ריטטער! —

אולריך שעהנע סארא! איך בעזיטץ דיא מאכט דיר צו עפענען דיא טויערען פון דעם קערקער. — ווילסטו מיט מיר געהן אין מיין שלאסס און לעבען גליקליך, אזוי וועל איך באלד אויס ווירקען ביים ביר־ גערמייסטער ער זאל דעם פראצעס פערניכטען און איהר אללע וועט פרייא ווערען. —

שרה גנעדיגער הערר ריטטער! ווען עס איז אייך מעגליך אונז אונשולדיגע

מענשען, פון דעם קערקער צו בעפרייען איז דאס אייער פפליכט, אלס מענש, זיך צו פערווענדען און רעטטען אונשולדיגע מענשען — נאַר, קיינמאָל, וועל איך דורך איינע זינדע אויסקויפען דיא פרייהייט פון מיר און פון ז״נ איינענע. —

אולריך נאָך רעכענסטו עס פאר א זינדע ווען א מענש, — וואס ליעבט דיך אזוי, ווינשט דיך צו בעגליקען ? אָה סארא ! איבערלעג דיינע ווער־טער בעזיננע דיך ! —

שרה זיעט איהר דען ביים פאָלען זינן און פערשטאנד, אז איהר ווילט אין פינסטערען קעךקער דערווארמען מיט אייער ליעבענס געפיהלע א קאלט, בעטריבט, ביטטער הערץ ?...... א הערץ, וואס האט זיך ניט געעפינט פיר אייך בייא דער ליכטיגער שיין פון דער זונן, זאל זיך עפפענען פיר אייך אין פינסטערן קערקער ? .... און ווען איהר מיינט, אז אין דער פרייהייט וועט מיין ברוסט פרייער אטהמען פיר אייך, אזוי דאנק איך פיר אזא בעפרייאונג ! —

אולריך דאָ האנדעלט זיך ניט נאַר וועגען דיינער פרייהייט ! — דאָ האנדעלט זיך אום דיין לעבען.... דוא ווערסט ווערען געשפאנט אויף דער פאָל־טער !...... אונטער שרעקליכע קוואהלען ווערסטו מוזען מודה זיין דאָס, וואס מען וועט פערלאנגען פון דיר—דער נאָך וועט מען דיך פארברענען. (ער ווייזט איהר אן אויף דער פאָלטער מאשין.)

שרה און דיא שרעקליכע מערדערייען ווילט איהר, הערר ריטטער, נעהמען אויף אייער געוויססען ?.... און איהר פארלאנגט נאָך אז איך זאָלל ליעבען אזא פארוואָרפענעם מערדער ! (ערביטערט) ליבער וועל איך אונטער דיא שרעקליכע מארטער מיין לעבען ענדיגען, איידער עָס רעטטען דורך איין עבירה !...... בעססער איז אין אונשולד צו שטערבען גאָטס נאָמען צו הייליגען איידער דאס ביסעל לעבען אָפצוקויפען פאר א שאנדע אויף דער וועלט און פאר איין עווינעס פארברעכען דאָרט אין היממעל ! —......

אולריך דיין פאטער און דיין חתן ברוך לעבען שוין ניט מעהר !....

שרה (פעסט) איהר ווילט זאָגען : זייא ליידען שוין ניט מעהר, אָבער צו־לעבען וועלען זייא ערשט אנהייבען איין עוויגעס, זיסעס לעבען אָה ! ליי־דען — ...... אָה ! וויא בין איך מקנא אזא „ניש ט—מעהר—לעבין“....

אולריך אָה אָה, דוא שעהנע מערדערין ! דיינע ווערטער קענען גיכער צורייסען א הערץ וויא א שפּיציגע שארפע מאשין א קערפער !......אָבער דוא—

דוא וועסט מ י י נ ע זיין: פרייוויליג אָדער מיט געוואלד (הערויסגעהענדיג) לעבענ־
דיג אָדער טאָדט!...... (אב) (דער קערקערמייסטער פיהרט צוריק אריין שרה׳ן.)

ב ר א נ ד (קומט אריין לינקס, נאך איהם פאָגלער, און פיעלע ריכטער — זייא זעצען זיך אללע אויס ארום טיש) אלזאָ מיינע הערהן דיא זיטצונג פאנגט אָן — הערר פאָגלע־ הייסט אריינברענגען דעם פעראורטהיילטען ברוך (ער טהוט א ווינק צום קערקערמייסטער — ער ברענגט אריין ברוך׳ן) דוא ווייסט דאך שוין אין וואָס דוא ווערסט איינגעקלאגט, אז דוא און דיין שוועער אהרן און דיין כלה סארא האבען אנגערעדט קונצען צו בענגבענען דיא קירכע און אייך דאָס געלד צו ברענגען וואָס ענטפערסטו אויף דעם?

ב ר ו ך עס איז שקר! — איינע פערלייםדונג! קיינמאָל האבען מיר אזא שענדלי־ כען אויפטראג געגעבען — ניע האבען יודען א היילינטהום ענטווייהעט — זאָל מען מיר קונץ׳ן ענטגעגענשטעלען אויג אין׳ם אויג—ער וועט ניט האבען דעם מוטה מיר אזא שרעקליכען ליגען אין פנים צו זאָגען. —

ב ר א נ ד מען וועט דיך שוין ברענגען דערצו דעם אמת מודה צו זיין—לייגט איהם אונטער דע־ פאָלטער!

א י י ן ר י כ ט ע ר שטעהט! מיר דאכט אז פאר אזא פיינליכען מארטער וואָלט רעכט געווען צוזאממענברענגען דעם אנקלעגער מיט דעם אנגעקלאגטען. —

ב ר א נ ד איך בין נישט דער מיינונג ווען עס האנדעלט זיך וועגען חלול השם — אונטער דער פאָלטער! פיעלייכט וועט ער זיך מודה זיין. —

ב ר ו ך (זינגט) הערט מיך אויס! הערט מיך אויס
איידער איהר ווילט מיך פעראורטהיילען (בים)
איידער איך וועל יעצט, איידער איך וועל יעצט צום מארטער געהן.—
אייך איז דאך אלעס איינס אלעס איינס,
איך בין דאך יעצט בייא אייך אין דיא הענד
טהאָן קענט איהר מיר, טאָהן קענט איהר מיר וואס אייער ווילען איז!
הערט נאך וועניגסטענס יעצט דאס לעצטע וואָרט: (הייבט דיא הענד אויף)
איך שוועער אייך ביי אונזער גאָטט
וואס ער אללע בעשאפען האט
איך שוועער אייך ביי דער תורה יעצט,
וואס זיא איז בייא אונז הייליג גישעצט

אז מיר זיינען פון דער אומזיסטער קלאגע רי
אז מיר ווייסען ניט פון דער שענדליכער טהאט—ניין, ניין ניין!—

**שרה** (פון קערקער) טרייסט דיך, טרייסט דיך מיין נשמה!
זוך אין גאָטט נאָר דיין נחמה!
האָף צו איהם, זיין הילף איז שוין ניט וויט—שוין ניט וויט!—

**ריכטער** (קאָהר) דיין יעדעס וואָרט (בים) איז דאָך פאלש דוא יוד (בים)
אומזיסט איז דיינע מיהע, דאָ העלפט קיין שבועה.
דאָרט וועסטו מודה זיין דיא וואהרהייט—
יאָ יאָ דיא וואהרהייט — גוה!

**בראנד** (פּראָזא) פיהרט איהם צו דער פאָלטער (דער שארפ-ריכטער וויל איהם נעהמען.)

**רבי יאזעלמאנן** (קומט אן רעכטס) האלט! איהר וואגט עס?—

**בראנד** און איהר וואגט עס איינצודרינגען און אונזער געריכטס זיטצונג — יודע? —

**רבי יאזעלמאנן** יאָה, „יודע—" פערראכטעטער, געפייניגטער, פערפאָלגטער יודע! אבער דער יודע וועט פאָדערן גערעכטיגקייט וואס איהר ווילט אללע גערעכטע אונשולדיגע מענשען ערמאָרדען! —

**בראנד** וויא ער וואגט עס? —

**רבי יאָזעלמאנן** לאָזט מיך אויסריידען — העהר בירגערמייסטער! קונץ וויל צוריקרופען זיין פאלשע אנקלאגע—ער האט עס אויך שוין מודה געווען: נאָר אנשטאט איהם צו פערהערען לאָזט איהר פייניגען דיא ארמע אונשולדיגע יודען, אום מיט געוואלד ארויס צו פרעססען פון זייער מויל דאָס וואס איהר ווילט—.... איך פראָטעסטירע! דיא יודען מוזען פרייא ווערען! אזא בלבול דארף קיינמאל נישט פאללען אויף דיא יודען (ער ווענדעט זיך צו דיא איבריגע ריכטער) פערצייהעט מיר מיינע העררן! איך בין בעאמטער זיינער מאיעסטעט דעם קייזערס — איך האב זעהר א וויכטיג וואָרט צו ריידען מיט דעם העהר בירגערמייסטער וואָס ניעמאנד דארף העהרען (בראנד טהוט א ווינק—דיא ריכטער געהן ארויס—אויף פאגלער) העהר בירגערמייסטער! איהר ווייסט דאָך, אז איך בין אויך קייזערליכער בעאמטער, און פיר אייערע דראהונגען האב איך ווייניג מורא — פיעל מעהר דארפט איהר פאר מיר מורא האבען — נעהמט אָן דעם פאלל, אז איהר האט שוין דיא איינינע אונשולדיגע יודען ערמאָרדעט—

בערעכענט אבער, וואס איך קען דאן ערווארטען אז דיא זאך וועט אנקוממען צום קייזער.—......

בראנד און איהר וועט עס טאָהן? —

רבי יאָזעלמאנן מיר יודען ווילען קיינעם קיין שלעכטס טאהן — מיר פערטהיידינען נאָר אונזערע אינטערעססען דארום איז מיין ראטה: זייט ליעבער אפען נעגען מיר...... מיר וויסען דאך, וואס איך האט בעוואָגען צו אונטערשטיצען קונץ'ן אין זיין פאלשער מסירה...... (ער ביינט זיך א'— מיט א שטילען טאָן) אייער זוהן היינריך....

בראנד (בעטראָפען) וואס? — איהר ווייסט?......

רבי יאָזעלמאנן לאָז זיין איך מערק מיר! — עס איז אלעס איינס: לזאָ.. איהר זאָהן האט שולדען נעמאכט...... פיליכט קען מען איך ארויסהעלפען...

בראנד (קוקט זיך ארום — בייז) וואס? ...... איהר ווילט מיך בעשטעכען?

רבי יאָזעלמאנן (איראניש) חלילה! — דאס בעשטעכען וועט איך וועניגער וועה טהון וויא דאָס שטעכען, וואס איהר שטעכט דיא יודען מיט דיא גליהענדע שפיטצען.—

בראנד אהרן מוז שטערבען! —

רבי יאָזעלמאנן אבער דאָס וועקסעל וועט לעבען!...... עס איז איבערגעגאננען אין אנדערע הענד......נאר איך קען אייך פון דער נויט העלפען!......

בראנד ווער וועט מיר קענען דאָס וועקסעל צו שטעללען? —

רבי יאָזעלמאנן אָט האט איהר עס שוין (ער נעהמט ארויס דעם וועקסעל דעם יושר און דעם אמת זוכט איהר דאך!......(ער לייגט דאס וועקסעל אויף דעם טיש).

בראנד (נעהמט דאָס וועקסעל און בעהאלט עס בייא זיך) וואס? איהר ווילט מיך בעשטעכען? (סאליד) נאָ...... און ווען מיר וועלען דיא יודען בעפרייען מוז דאך קונץ שטערבען פיר זיין פאלשער אנקלאגע! —

רבי יאָזעלמאנן קונץ מוז אויך נערעטעט ווערן - איהר וועט איהם פערהעלפען פון קערקער צו ענטלויפען......

בראנד (טראכט) מם — רעכט! — איך וועל איהם שיקען פרויענקליידער ער וועט זיך פערקליידען און וועט פרייא קענען ארויסגעהן — שעהן — „הערר פאָנלער" (פאָנלער קומט אריין) מאכט פערטיג דעם בעפרייאונגס אקט

פיר דיא יודען צום אונטערשרייבען — און איהר רבי יאָזעלמאַנן קומט מיט מיר געפּעלינגסט אין מיין צימער (דער בירגערמייסטער געהט פאָראויס — נאָך איהם רבי יאָזעלמאַנן שלאָגט זיך אן מיט דעם קורזיכטינגען פאָנגלער —ביידע אב).

פאָנגלער (נעהמט א פאפּיר) שאט ניט — אצינד זעה איך אז איך האָב מזל — דאָ וועל איך שעהן פאַרדינען (אב לינקס)

אולריך (קומט אריין רעכטס — מיט א בעדינטען ניט איהם איבער א פאפּיר) אין דרויסען ווארט מיין וואגען — וועסט נעהמען דאָס אידישע מעדכען, וואָס מען וועט זיא בעפרייען און זיא אוועק פיהרען צו מיר אין שלאָס — ביז איך וועל קומען זאָל מען סאראַ׳ן אלע פערגניגונגען פערשאפען — (אב — דער דינער רייכט דאס פאפּיר דעם קערקערמייסטער, וועלכער שליסט אויף דיא טהיר פיהרט ארויס שרה׳ן — און זאגט איהר: ביסט פרייא! דער טויטער פונים קערקער ווערט אויפגעשלאָסען — דער דינער פיהרט ארויס שרה׳ן בייא דער האנד דער טויער ווערט צוריק פערשלאָסען.)

פאָנגלער (קומט אריין לינקס מיט דעם אקט אין דער האנד — געהט צו צום טיש נעהמט אן דאס טינטענפאס — אנשטאט דאס זעמדיל און באשיט דעם אקט אנשטאט מיט זאמד — מיט טינט און ריגדט צו זיך) נאָ! יעצט מיין איך אז איך וועל שוין האבען מזל — דאָ וועט זיך אנהייבען א שמחה אז איך וועל זייא בעפרייען און וועל גוט פאַרדינען — חאטש איך דערזעה ניט אזוי גוט נאָר געלד קען איך נעהמען בלינדערהייט — שאט ניט — (ער טרעסעט אפ דאס פאפּיר אין דער מיינונג אז ער איז מיט זאמד) יעצט לאָמיך בארעכנען: פון א קאָפּ פון א מאנסביל פינף גולדען און פון א פרויענצימער צעהן גולדען — שאט נים — אלזאָ פאר אהרנ׳ן פינף — פאר ברוך׳ן פינף — איז צעהן און פאר סאראַ׳ן צעהן איז צוואנציג — קערקערמייסטער! (דער קערקערמייסטער קומט צו) פיהר ארויס פינף און פינף איז צעהן און צעהן איז צוואנדיג. —

קערקערמייסטער וואָס מיינט איהר? —,

פאנגלער עע פיהר ארויס דעם יודען אהרן און ברוך און דיא יידין סארא! — פינף און פינף....

קערקערמייסטער דיא יידין סארא איז ביים ריטטער אולריך אין שלאָס, מען האט זיא שוין אהין אוועק געפיהרט — (אב).

פאָנגלער (פרייליך) שאט ניט — נאָך בעססער — זיא איז פארליעבט און ווערט אצינד מאדאם ריטטערין דערפאר קומט מיר עקסטרא צעהן — יעצט וועל איך צוזאממענרעכנען מיין געלד: פינף און פינף איז צעהן און צוואנציג אין

דרייסינ! — (דער קערקערמייסטער פיהרט איהם צו אהרן און ברוך זייא שטעלען זיך פון ביידע זייטען) נאָ! הערט אויס וואס איז בעשלאָססען געוואָרען וועגען אייך! — דרייסיג! —

אהרן און ברוך (פערלעגען) אָה מיין הערר ווענינ זענען מיר געמארטערט געוואָרען—דיא צאָהל פון אונזערע לײדען זיינין נענוג גרויס.—

פאָנלער נײן דרייסיג — נאָר דרייסיג! — איהר פינף און איהר פינף און אייער טאָכטער צוואנציג — איז......

אהרן און ברוך (ברעכען דיא הענד) וועה איז אונז! —

פאָנקער שאַט נים! — איך וועל אייך אנדערש ניט פאָרלעזען דעם בעפרייאוננס אקט.

אהרן און ברוך (שטוינענד) בעפרייאוננ אקט?....

פאָנקער ביז איהר וועט מיר ניט צו זאגען אז איהר מוזט מיר נעבען פיר אייך פינף און פיר אייך פינף און פיר סאראַ'ן צוואנציג איז דרייסיג! —

אהרן אָה נישט נאָר דרייסיג נאָר פיר דער בשורה באקומט איהר פון אונז דרייא מאָל אזוי פיעל —

פאָנלער אצינד זעה איך אז איך האב מזל! — הערט אויס וועל איך אייך פאָרלעזען: (ער נעהמט דעם בוינען צום פנים און וועהרענד ער פארשמירט זיך דאס נעזיכט מיט טינט זעהט ער אז דער אקט איז פערדאָרבען) אָבער אומעדום נעהט מיר שלימזלדינ — יעמאנד האט מיר אויסגעשמירט דעם אקט — נאָ! איך וועל אייך אויסוויינינ לעזען: — „לויט דער אונטערזוכונג וועגען דער בעשולדיגונג זיינען דיא יודען: אהרן, זיין חתן ברוך און זיין טאָכטער סארא פאָן קערקער פריינעשפראָכען — אונטערצייכענט אייגענהענדיג בירגערמייסטער פאָן אָבערנהיים דרייסיג!"

אהרן אָה נאָטט! מיינע טאָכטער איז אויך פרייא? —

ברוך וואו איז סארא;

פאָנלער עע! פאר איהר קומט מיר עקסטרא א מזל טוב — זיא איז באַנליקט געוואָרען — זיא איז געוואָרען למזל איינע ריטטערן — זיא איז שוין ביים ריטטער אולריך אין שלאָסס — שאַט נים! —

אהרן און ברוך (פערצווייפלענד טהוען א פליעסק מיט דיא הענד) וועה איז אונז! —

פאנגלער (דערשרעקט זיך) אָט הייבט זיך אן א נייע חתונה — איך זאג אז איך בין שלימזלדיג —

אהרן אָה מיינע טאָכטער ! אונגליקליכע שרה ! —

ברוך אָה שרה ! עס האבען זיך נאָך ניט געענדיגט דיינע ליידען (ער וויינט).

פאַנגלער שאט ניט — אָבער מיינע דרייסיג ! איך האב געזאָגט — (ער שלאָגט זיך אן ביים ארויסגעהן מיט דעם הערייגקאָמענדען :)

רבי יאָזעלמאנן נאָ מיינע ברידער ! ברוך מתיר אסורים ! —

אהרן אָה געטליכער מאנן ! עס האבען זיך נאָך ניט געענדיגט אונזערע ליידען— מיין טאָכטער שרה איז נישטאָ — דער בייזער ריטטער אולריך, וואָס פארפאלגט זיא שטענדיג האט זיא פערפיהרט צו זיך אין שלאָסס — ווער איז אונז ! — (ער וויינט)

רבי יאזעלמאנן נאָר קיין מוטה פארלירען ! — דאנקט פריהער גאָט פאר אייער בעפרייאונג און פון שרה׳ס וועגען האט מיר גאָט נאך פריהער צוגעשיקט זיין שליח, וואס ער וועט זיא מציל זיין פון זיינע הענד.... שלעכט איז נאָר ווען אונזערע שונאים זוכען אונז אללע צו בעפלעקען מיט זייערע שענדליכע בלבולים, אָבער ווען זייא גרייפען אן איינצעלנע פער־זאָנען אי, דאס א קלייניגקייט ! — — לאָמיר דאנקען גאָט וואס ער האט אונז ריין געמאכט פון דעם בלבול ! איהר זאָלט אויף אימער געדענקען, וואס איך האב אייך געלערנט, וועט אייך שטענדיג גוט זיין איבער צוטראָגען אללע צרות — — איהר זעהט דאָרט וויא אללע יודען שטעהן אין דרויסען און ווארטען אויף אייער בעפרייאונג ! — (הינטער דעם טויער אין דרויסען זעהט מען וויא עס פערזאַמלען זיך א מאססע מענשען און קוקען אריין אין קערקער דורך דיא שטאכעטען — זייא גריססען פון ווייטענס אהרנ׳ן און ברוך׳ן.)

רבי יאָזעלמאנן (נעהמט אָן אהרנ׳ן און ברוך׳ן בייא דיא הענד און זינגט:)

וואויל איז דעם מענשען וואס ער האט
אין זיין לעבען בטחון אויף גאָטט !
און אז דער מענש האט איהם נאָר יאָ אין זינן,
וואס קען א שונא איהם טהון?......
איין זיפץ פאָן הערצען אהין !......
אהין צום הימעל דאָרט !
איז דיא ישועה דאָ אויף דעם אָרט ! —

(רעטשעטאטיוו) ווען דער מענש געהט מיט דעם כלל,

האט ער קיין מורא פאר קיין אונגליקס?! —
אימּמער טראַגט ער זיין טרייסט אין הערץ,
און קען ערטראגען ליכט זיין שמערץ! —
נאָר מוטה, נאָר מוטה, נאָר מוטה, קינדע־לעך, מוטה!
נאָר גוט, נאָר גוט, נאָר גוט, אָה קינדערלעך גוט!

קאהר יאָה מיר פאָלגען גוט דיין תורה!
(פון דרויסען) מיר האבען קיין לייד קיין מורא
האבען מיר ניט; ווייל מיר לעבען אלע מיט בטחון—נאָר מוטה. א.ז.וו.
לאָמיר לויבען אללע אין איינעם,
לאָמיר זאגען א שבח א שיינעם,
צו דעם, וואס קומט אונז דיא ישועה
זינגט זשע זינגט זשע הקלויה!! —

(עס עפענען זיך דיא קערקער טויערען — רבי יאָזעלמאנן מיט רבי אהרן און ברוך געהן ארויס אומרינגט פון דעם פרייליכען עולם. — דאס בילד ווערט בע־לייכטעט—מיט אָנענשיין)

# דער פארהאנג פאלט לאנגזאם,

ענדע פון צווייטען אקט.



# דריטער אקט.

(שטעלט פאר א פראכטפאָלען סאַלאןביים ריטטער אולריך אין שלאָסס — פיעלע גע־טינס — אין בראָנז—פיגורן שטעהען אין דער מענשענגרעססע — אויף א וואנד הייגגט דאס ריטערליכע געוועהר און זיין הערב — אויף א פיעדיסטאל שטעהט א פיגור אנגעטהון מיט א ריטטערליכען שטאָהלענעם פּאַנצער און א מעשענעם העלם — נעבען א טיש אין א פראכט־פאָללען מאנטעל זיטצט שרה געקליידעט אין אַ שוואַרץ סאמעט קלייד און געקרויזטען ווייסען טול—קראגען „א—לאַ מאַריע סטוארט" — איהר קאָפּ אויף איהר האנד געשטיצט, זיצט זיא טרויריג און מאכט זיך גאָרניט פון דיא פּאַזשען, מעדכען און בעדינטע, וואס טראגען איהר צו דיא בעסטע שפייזען, שעהנע קליידער גאָלד זילבער בריליאנטען און שמוק, און לייגען איהר פאָר זיא זאל זיך אונטערהאלטען —קונץ אלס פרויענצימממער פערקליידעט זיצט נעבען איהר, און צייגט איהר מוזטערליכע צערטליכקייט — זיא ענטפערט ניט! · וועהרענד דער פאָר־האנג געהט אויף זעהט מען וויא דיא פּאַזשען טאנצען און זינגען ארום איהר:)

קאָהור פרייע דיך, פרייע דיך ליבעס קינד!
פריילֿיך זיין איז דאָך פאר דיר בעססער;
דוא ביזט דאָך בייא אונז אצינד,
יאָה, דיא הערשערין פון דיא שלעססער.—

| | |
|---|---|
| מעכען זעהסט מיר וויזען | מעדכען דיאמאנטען, |
| דיר פיעל שפייזען...... | גאָלד בריליאנטען, |
| וואס דוא ווילסט נענים געשווינד! | זאָג ארויס ניך געשווינד! |
| אזשען בלום און פעדער, | פּאזשען טהו נאָר א ווינק, |
| שעהנע קליידער, | וועדט דאָס באַלד פלינק |
| נעהם טהו אָן און טראג געזונד: | פאר דיר בעשאפען אצינד! — |

שרה (זינגט) ניין, ניין, ניין, ניין, איך דארף ניט דאָס אללעס!......
אומזיסט איז אייער שטעהן!
דאס אללעס קען מיך ניט בּפרייען—
איך שטעה ניט אום דעם,
דאס איז ניט מיין היים,
איך בין א געפאנגענע, איך ביז א געפאנגענע! יאָה!
(רעטשעטאטיוו) הערט מיך נאָר צו:
לאָזט מיך צו רוה

קינדער! — מיט אייער שערץ —
וואס העלפט דאס פרייען א געבראָכען הערץ......
מיט אייער שפרינגען
און זינגען
וועט איהר ניט היילען, נייך, ניין מיין שמערץ! —

קאָהר (ווידערהאלט: פרייא דיך....ביז ענדע. שטעלכען זיך אויף דיא קניע— זיא טהוט זייא א ווינק—זייא שטעהן אויף.)

איינע פון דיא מעדכען (צו שרה׳ן) און פאַר וואס, שעהנע יידין, צער־שטרייעסטו דיך ניט איין וועניג און ווילסט ניט געניססען דאס גליק? —

שרה מיינט ניט קינדער, אז א יידין איז אזוי אייטעל זיא זאָלל זיך לאָזען בער־בלענדען פון דעם גלאנץ און רייכטהום פון פאלשע מענשען? — קען דען א נעפאנגענע פייגעלע זיטצען צופרידען אין איהר גאָלדען שטייגעלע?...... מיך קען אייער זינגען און טאנצען ניט צערשטרייען — אייער מזל איז פערשיע־דען פון אונזער מזל — אונזער מזל זינגט אונז אנדערע ליעדער — אויב איהר וועט נאָר פארשטעהן קענט איהר הערען! —

אללע זינג, זינג! מיר וועלען פארשטעהן.

.1

שרה (זינגט) א ביימעלע האבען אונזערע אָבות אבותינו
אין דער ווילדער וויסטע געפלאנצט! —
מיט פראכט און שעהנהייט האט דאס איינע
פון אללע ביימעלעך, ארויסגעגלאנצט —
אויף דיא וואָרצלען און דיא צווייגען,
זיס וויא טייטלען און וויא פייגען
אזוי וויא אללע פירות פונים לאנד,
אויף דיא קנאָספען און דיא בלעטער —
בירושה פון א פעטער
האבען מיר עס אין דער האנד!......

קאָהר יאָה דאס ביימעלע איז דיא אמונה געוועזן! —
מיר פארשטעהן עס זעהר גוט
און דער פעטער איז דאָך משה אליין! —
דער משל גלייכט זיך שטארק צום יוד. —

שרה פייגעלעך, פרייע, יונגעטשקע, ריינע,
מיט זייערע פעדערלעך א פראכט;
האבען, צווישען דיא צווייגעלעך דיא קליינע,
יעדעס זיך א נעסטעלע געמאכט —
דארטען פלעגען זייא פריילעך פליהען,
זינגען שעהנע מעלאָדיען
זייא האבען אזש פארהילעכט דיא וועלט. —
פון דעם פרייליכען געטיממעל
האט, דער גערטנער דארט אין הימעל
אויף פאר גרוים פרייד, אנגעקוועלט! —
קאָהר יאָ! — דיא פייגעלעך זיינען דיא שבטים געווען:
— דאס פערשטעהן מיר זייער גוט —
און דער גערטנער איז דאך נאָטט אליין! —
דער משל גלייכט זיך שטארק צום יוד —

.3

שרה ניט לאנג האבען געדויערט דיא גאלדענע צייטען,
נישט תמיד האט דאס ביימעלע ג גליקט —......
ווינטען שלעכטע פון אללע זייטען
האבען שווארצע וואָלקען אנגערוקט! —......
דער שטורם און דאָס שלעכטע וועטטע־
האבען אָפגעריססען אללע בלעטטער......
דער בליטץ האט עס פארברענט מיט זיין פלאם! —
אללע פייגעלעך פערטריבען....
אין דער ערד איז נאר פארבליבען
דער איינציגער נאקעטער שטאם. —
קאהר יאָ! — דיא ווינטען דאָס זיינען דיא פעלקער געווען!......
— דאָס פארשטעהן מיר זעהר גוט —
נעברענט האט דאס בית המקדש אליין! —
דער משל גלייכט זיך שטארק צום יוד.

.4

שרה יעצט זעהט מען דיא פייגעלעך ארומפליהען,

געפינען קענען זייא ניט קיין ארט !......
וואו נאר זייא ווילען זיך א ביסעלע אויסרוהען,
פארטרייבען זייא דיא רויב—פייגעל פון דארט......
וויללען זייא נאר אין אן ארט פערבלייבען,
פליהען אן דיא שווארצע ראבען
און פליקען זייא דיא פעדערלאך אויס !
וויללען זייא עסען נאר א קערנדעל,
חאפען זייא א פיק אין שטערנדיל
אז ס'רינט פון זייא דיא גאנצע בלוט ארויס !.....

קאהר יא ! —דיא פעדערלאך זיינען זייער געלד און חן ! —
— דאס פארשטעהן מיר זעהר גוט
און דיא ראבען, דאס זענען דיא שונאים אליין —
דער משל גלייכט זיך שטארק צום יוד ! —

.5

שרה וועה דעם, פון זיין היים וואס איז פערטריעבען ! ! —
גוט איז נאר דיא פייגעלעך און וואויל,
וואס פון דעם בוים איז זייא פערבליבען
א בלעטטעלע א זים אין זייער מויל !...
דיא, וואס האלטען אין מויל דיא בלעטטער
קענען האפפען אויף בעססערען וועטטער....
דיא זונן קען נאך א שיין טהון ! — ווער ווייסט ? !......
דער אלטער בוים קען נאך אויפבליהען......
יעדעס קען נאך קומען צו פליהען
צוריק אין זיין רוהיגער נעסט ! ! —......

קאהר יא ! — דיא נעסט איז דאך ירושלים געוועזן ! —
—דאס פארשטעהן מיר זעהר גוט —
דאס בלעטעלע איז דיא תורה אליין —
דער משל גלייכט זיך שטארק צום יוד. — —

קונץ (אלס פרוי געקליידעט, וועהרענד ער נייהט א קלייד) און פאר וואס, שעהנע יידין, ווילסטו ניט עמפפאנגען דאס אללעס וואס מען לעגט דיר פאר ? דער ריטטער אולריך האט אנגעזאגט אז ביז ער וועט קוממען זאלל דיר דא גאר נישט פעהלען, ווייל דוא ביסט דיא הערשערין פון דעם שלאסס ! —

שרה און אז איך בין דיא הערשערין, קען איך דאך בעפעהלען! —

קונץ גאנץ נעווים! —

שרה און אז איך וועל בעפעהלען, וועט מען מיך פאָלגען! —

קונץ גאנץ געווים! —

שרה אלזאָ טהוט מיר דיא טובה און נעהמט דאָס אלסדינג צו און לאָזען זייא אללע אוועק געהן און מיך לאָזען אליין; ווייל איך בין יעצט אין אזא לאנגע אז אליין איז פאר מיר דיא בעסטע צערשטרייאונג! —

קונץ (צו דיא מעדכען) נאָ? וואָס שטעהט איהר נאָך? געהט! (אללע פאזשען און מעדכען געהן אב).

שרה (קעהרט זיך אום און דערזעהט קונצען) נאָ? — און איהר בלייבט דאָ?—

קונץ יא איך בלייב דאָ! — איך מוז זיין דיינע געזעלשאפטערין—איך וויס, דוא קוקסט אויף מיר מיט א בליק פון מיסטרויען...... אז דוא וועסט האבען אביסעל נעדולד אויסצוהערען מיינע ווערטער וועסטו אנדערש דענקען פון מיר— זאָלסט וויסען, אז איך פיהל און וויים דיין לאגע! — איך פיעל דערפאר ווייל דער איינגער ריטטער האט א מאָל אויף מיינע א שוועסטער פערפיהרט און איך האב איהם ראכע נעשוואָרען! —

שרה נענוג! — ערלויבט מיר א וואָרט! — איהר זעהט דאָך, אז דאָס פיינעלע איז שוין נעפאנגען אין שטייגעלע — נאָ, וואָס זשע דארפט איהר נאָך אויסשפרייטען אייער נעטץ מיך ווידער צו פאנגען מיט אייערע געטרייע רייד ......

קונץ איך האב דאך דיך נעבעטען — געדולד!

שרה יאָ, צו דולדען איז אונזער פאָלק גוט נעלערנט.—

קונץ יעצט הער פון וואנען איך — וויים דיין לאגע: קונץ האט מיר אללעס ערצעהלט — דער פערדאָרבענער מענש, וואס האט אויף אייך אויסגע־טראכט דעם בלבול, האט זיך געבעסערט דורך רבי יאָזעלמאַנן׳ס מסור—אללעס זאָגט קונץ, קען א מענש מיט זיך מאכען: ער קען זיך טרענקען, ער קען זיך הענ־גען, ער קען זיך שטעכען; נאר איינס קען א מענש זיך אליין ניט טהון: — „זיך אליין א שפייאָ טהאָן אין פנים!" — קונץ בערייהעט אלל דאָס בייז, וואס ער האט נעטהון נעגען אייער פאמיליע און האט זיך נעמאכט צור הייליגער אויפגאבע, אייך, דער פאר, דאָס גרעסטע אפפער צו ברענגען — ער האט געהערט אין קערקער דאס פערצווייפעלטע געשרייא פון אייער פאָטער און חתן ווערענד

רבי יאָזעלמאנן האט זייא בעפרייעט און האבען דיך אויך געזוכט און האבען דיך נישט געפונען. —

שרה (דיא גאנצע צייט מיט געשפאנטער אויפמערקזאמקייט) אָה גאָטט! (פאר־שטעלט זיך דאָס געזיכט און וויינט.)

קונץ נאָר געדולד! — און ווען רבי יאָזעלמאנן האט קונצען אויך פערהאלפען צו ענטלויפען פונ'ם קערקער — האט קונץ איהם פערשפראָכען אללע מעגליכקייטען אנצואווענדען ער זאָל דיך געפינען און אָפּראטעווען דיך פון דעם ריטטערס הענד, ווייל א יודען איז שווער צו דעם שלאָסס צו צו קוממען — יעצט, געדולד אין גאָטט וועט דיר העלפען!

שרה רעדט צו מיר איין ענגעל אדער א מענש? — אין אזא צייט, אין וועלכער טהיערע אין מענשען—געשטאלט בעהערשען דיא וועלט, אין אזא צייט, אין וועלכער דיא אנדערע נאציאָנען בענעהען זיך אזוי גרויזאם מיט אונז, זאָלט איהר מיט מיר אזוי ריידען? — אָה! ווען אללע מענשען זאָללען זיין אזוי בראוו — וואס האבען זייא צו אונז? — וואָס פערפאלגען זייא אונז אזוי? —

קונץ געדולד! — איך מוז געהן איך האב נאָך עפעס צו טוהן — (אב)

שרה (זינגט) אָה פאטער! אָה ליעבער ברוך איך שטעלל מיר פאר אייער לאנגע ווען איהר זעהט מיך ניט נטבען אייך — —
אָה וועה טהייערע זעעלען,
וויא מוזט איהר אייך יעצט קוועהלען! ביס
פאטער, ליעבער, טרייער, גוטער און דוא מיין חתן אויך! —
„וועה וועה“! —קרעכצט איהר אווראי
„וועה וועה“! —דענקט איהר גראדע—
„אוי, אוי, אוי, אוי! וואס קען יעצט ערגעץ זיין מיט איהר?“
ווען איך זאָל וויא א געדאַנק שנעלל קענען פליהען,
אדער איך זאל יעצט וויא א וואלקען קענען ציהען.... ביס
וואלט איך גערנע אייךביידע
אננעזאָגט יעצט דיא פריידע:
נאָטט זייא דאנק איך לעבע!
נאָטט זייא דאנק איך לעבע! — יאָה

(ווידערהאָלט פון אנפאנג— נאָך בעענדיגונג — געהט אב לינקס אין איהר צימער)

פאנקלער (קומט אריין פון דער דרויסען טהיר — טראָגט אונטער דעם אָרם פאפירען און אונטערן אויער א לאַנגע געגזענע פעדער גענומט אראָפ דעם הוט און מיינט אז ער הענגט איהם אויף אן א צוואָק — דער הוט פאלט אראָפ — ער זעהט ניט — שפּאַנט ווייטער — פארליערט דיא פאפירען פאר שרעק, ווייל ער האט זיך פּלוצלונג אנגע־געשלאָגען אָן דער ריטטערס פיגור אין דער מיינונג אז דאס איז דער ריטטער אולריך חאפט ער זיך ערשראָקען צוריק — נייגט זיך טיעף פאר דעם פיגור) גוטען אבענד גנעדיגער הערר ריטטער! — פערצייהעט מיר, וואס איך בין געקומען אייך צו שטערן — שאט ניט—אזוי וויא מיר האבען געהערט, אז דיא יידין סארא איז בייא אייך אין שלאָסס—דאס שאט ניט! — האב איך עס געהאלטען פיר מיין פפליכט איך זאָל קומען אהער און איהר איבערלעזען דעם בעפרייאונגס אקט (ער טהוט זיך אטאפ אונטערן אָרם און געפינט ניט דיא פאפירען—שטילל צו זיך) אומעדום געהט מיר שלימזלדיג—אָט האב איך פערלאָרען דיא פאפיערן (ער פּרואווט זוכען אויף דער ערד —ער געפינט זייא — נעהמט ארום דעם אקט און דערלאנגט דער פיגור) אָט האָט איהר, הערר ריטטער! דעם אקט אויב איהר ווילט לייענט איהר אליין איבער שאט ניט (ער שטרעקט אויס דיא האנד אָן דערלאנגט דער פיגור דעם אקט—ער פאלט אראָפ אויף דער ערד) לייענט איהר אליין, נאר דאס שכר טרחה געלד וועט איהר מיר איבערגעבען (ער רייבט דיא הענד פערגניגט — פויזע —) לייענט אייך אליין! — — (ער שפּאַציערט איין ווייניג אוועק און קומט צו צו א בראָנז פיגור, וואס שטעלט פאר דיא געטטין מינערוואַ אין מענשען־גרעססע) הא! גוטען אבענד דיר סארא! (ער נייגט זיך) דוא מעגסט געהן הערען דיא גוטע בשורה וואס איך האב דיר געבראכט —(פויזע) וואס פרייעסט זיך נאָר ניט? — (פויזע) וואס? — זיא שווייגט? — עפּעס א גרויס שטילשווייגנעניש! נא אויב אזוי וועל איך אויך שווייגען! — (ער טהוט א שמעק טאבאק — נעהמט ארויס א גרויסע קאָלירענדיגע פאטשיילע און שניצט פייפענדיג דיא נאָז) און פיעלייכט האב איך א טעות געהאט, פיעלייכט איז דאָס נאָר ניט סארא — נאָר איין אנדער דאמע? שאט ניט! (ער געהט צו נעהנטער—קוקט זיך גוט צו) עס איז נאָר א פיגור!— (ער געהט צו דער ריטטערס פיגור קוקט זיך אויך גוט צו) וואס איז דאס? — א קאפּ אָן א ריטטער—א פאנצער אהן א בויך?! — (וועהרענד ער לאָזט זיך צוריק געהן—קומט אָן קונץ און זעהט פאפירען אויף דער ערד בייגט ער זיך אָן אויפצוקלייבען דיא פאפירען אין דעם מאמענט, פאלט פאנגלער איבער איהם אריבער—וועהרענד ער הייבט זיך אויף) האט איהר געהערט! לויטער פיגורען! — מען פאלט איבער פיגורען- שאט ניט! —

קונץ איהר זאָגט יונגער מאַן אז עס שאַט ניט ! (פאַנלער דערהערט א שטיממע, שטעלט זיך אין איין עלעגאַנטער פּאָזיציאָן) מיר האָט עס יאָ געשאַט !—
נאָר מיר פּרויען האָבען א גוט הארץ און פערצייהען !—
פאנלער אז איהר האט יאָ א גוט הארץ און פערצייהעט מיר וועל איך אייך
אויך פערצייהען פון מיין זייט ; ווייל איך האב מיר מיין זייט דורך
אייך שעור איבערגעבראָכען — עס שאַט ניט — מ מ מ אדאַם ! ע ע ע פּ—פּריילין !—
קונץ (קאָקעטיש) וויא אזוי זאָל מען ניט פערצייהען אזא שיינעם יונגען מאַן וויא
איהר זייט ?...... (דריקט איהם ביי דער האַנד — אפּאַרט) ער וועט האָ־
בען פון מיר א שווארצען סוף ! —
פּאַנלער (האַלט איהם בייא דער האַנד מיט פריידע) איך דאַנק אייך פיר
דעם קאָמפּלימענט — ע מ—מאדאם — ע פּ—פּרייליין ! אָה ! איך
נעדענק שוין ניט דיא צייט איך זאָל האַלטען אין מיין האַנד אזא צארט הענטעלע
וויא סאַמעט—ערלויבט מיר מ—מאדאם — פּ--פּרייליין איך זאָל אייך אויס דריקען
מיין דאַנק מיט מיינע זיידע ליפּען אויף אייער סאַמעטען הענטעלע ! שאַט ניט (ער
וויל א קיש טהון.)
קונץ (חאַפּט אויס דיא האַנד) אָה. .... עס שאַט אָבער יאָ איהר פארגעסט אז
איך מעג ניט ?......
פּאַנלער מענט יאָ ! פאר וואָס זאָלט איהר אייך שטערן אייער פארגניגען ?—
איהר זייט דאָך אזוי יונג, אזוי שיֵהן (ליידענשאפטליך).
קונץ (אפּארט) אזא יאהר אויף איהר ! (הויך) וואס רעדט איהר יונגערמאַן איהר
ווילט מיך אונשולדיגעם מערכען פארפיהרען —
פּאַנלער וויא קען איך אייך פארפיהרען, אז ווען איך שטעה נעבען אייך ווער
איך צונענענעלט צום אָרט וויא מיט א טשוואָק — און קען מיך ניט
ריהרען וויא א שטיק האָלץ—
קונץ (מיט א שמייכעל) איהר ייט א שטן ! פון אייער חכמה קען ווירקליך
א פרויענצימער אין פערלעגענהייט קומען—זאָגט מיר נאָר, יונגערמאַן
זייט איהר פערהייראַטעט ? —
פאנלער (מיט א שווערען זיפץ) ליידער...... ניין ! — עס לויפען מיר אפילו
נאָך פיעלע מערכען ; נאר היינט איז א פערדאָרבענע וועלט מען דארף
זיך גוט צו קוקען מיט וועמען מען פערבינדט זיך — .... איך האב אבער א
מעלה ; איך האב א ווייטען קוק !...... און זעה ארוים אז ס׳איז נישטאָ איינס א
רעכטס — — (צערטליך) אוודאי ווען איך טרעף אָן אין מיין לעבען אז ! —......

אזא......אזוינס וויא איהר זייט (ער וויל איהר טאָהן א קוש—קונץ פארווערטס—דיא שטעלונגען ווערן געוועקסעלט).

קונץ אז איהר זייט יאָ אזוי קלוג ! זוכט זשע אויס א קלוגען וועג מיך פון דעם שלאָסס צו בעפרייען עס וועט אייך אפילו אָנקומען שווער מיך פון דעם שלאָסס בייא נאכט ארויס צו גנבנען — נאָר קוים האט איהר דאָס געטהאָן אזוי באלד איך (מיט אויסגעשטרעקטע ארעמע) אזוי בלייב איך אייביג אייערע ביז אין גרוב (ער קוועטשט אזוי שטארק צו פאָנלערן, אז ער דערלאַנגט אזש, פאר ווע־טיג, א געשרייא.)

פאָנלער (האלט זיך ביים רוקען) אוי ! ס'שאט ניט ! יעצט זעה איך ארויס אז איך האב מזל—אוי—ווען דער צופאל האט מיר געקענט צו שיקען

א א שעהן, רייך, אונשולדיג מלאך'יל וויא איהר זייט— אוי — אז איהר זייט רייך, דאס ווייס איך — אז איהר זייט שעהן, דאס זעה איך — אז איהר זייט אונשול־דיג דאס פיהל איך אין דעם קוועטש וואס איהר האט מיר גענעבען אצונד ווען איהר האט מיך ארום גענומען — אוי — אין דעם קוועטש זעה איך ארויס, אז דאָס ערשטע מאל אין אייער לעבען דריקט איהר צו צו'ן אייער ברוסט א מאנספערזאן ווייל דער קוועטש איז אזוי שטארק געווען, אז איהר האט מיר שיעור מיין רוקען איבער געבראכען—נאר ס'שאט ניט ! איהר וועט זעהן וויא מיר וועלען גליקליך לעבען : — (ער זינגט)

וויא טינט וועט פליססען כסדר
מיינע יאהרען מיט דיר ! —
דוא ביסט מיין גענזענע פעדער,
דוא ביסט מיין סטעמפיל—פאפיר ! —
איך שווער דיר בייא מיין קאנצעלייא,
אז איך בין דיר אייביג טרייא !......
איך וויל זאָלסט מיר אויך שווערען !

קונץ איך שווער דיר בייא דיין געזונד,
פאָנלער (ענטציקט) אוי דיא כפרה זאָל איך ווערען,
קונץ (אפארט) אפילו פאר א משוגענעם הונד !
פאָנלער בעוויז מיר אויך דיין טרייע ?
קונץ טרייע ביז אין דיין טויט ! —
פאנלער מיט דיר בין איך מיך מחיה
קונץ (אפארט) אזוי וויא מיט זויערקרויט —

(צוזאמען דועט) אזוי, אזוי, אזוי,
לאנגע, לאנגע, לאנגע, לאנגע, לאנג
אזוי וועלען מיר זיך לעבען אין פריידען אין געזאנג.
(וועהרענד זיי טאנצען ווארפט איהם קונץ כלמרשט אום צו דער ערד— און ענטלויפט לינקס—פאנגלער הייבט זיך אויף ענדיגט דעם פינאל און געהט צוא, מיט אויס געברייטעטע ארמע ארומצונעמען קונץ'ן—פאלט איהם אריין אין דיא הענד— דער ריטטער אולריך, וואס ער איז עבען אנגעקומען רעכטס שטעהט און קוקט אן שטוינענד דיא סצענע—דער ריטטער טהוט איהם א ווארף פון זיך.)
פאנגלער (הייבט זיך אויף פון דער ערד) שאט ניט—דאס איז פאר ליעבשאפט
א יא – מיינע טהייערע ?
אולריך (שטרענג) וואס טהוט איהר דא אין מיין שלאסס ? אנטווארטעט. —
פאנגלער (דערזעהט דעם ריטטער — פאר שרעק הייבט עס איהם אן צו ווארפען — עס ציטטערן איהם הענד און פיס) ב.... וו...... מ......
אולריך (שרייט ביין) וואס טהוט איהר דא ביי מיר אזוי שפעט ביי נאכט — זאג שנעל ! —
פאנגלער (אלס ציטרענד—אפארט) אי-איך, הא—האב, ג—זאגט א—אז אי— איך בין שלימממזלדיג (הויך) פע—פע — פערצייהעט מיר הערר ריטטער — אי—איך בי—בין גע—געקוממען לייענען דעם בבעפרייאונגס אאקט דעם יודישען ממעדכען ססאררא !
אולריך פון וואנען ווייסטו אז ביי מיר איז דא א יודיש מעדכען סארא ?—מארש דען איך הייס דיך בינדען ! — (ער מהוט א פליעסק — א דיענער קומט אריין) ווארף איהם אראפ פון דער בורג.
פאנגלער ש—שאט ניט (וועהרענד דער דיענער טראגט איהם ארויס) איך האב געזאגט איך בין שלימזלדיג ; (אב)
אולריך (אליין) נישטא קיין מענש אויף וועמען זיך צו פערלאזען (פויזע) סארא איז ביי מיר אין שלאסס — ענדליך איז געקומען דער מאמענט ! — יעצט מוז איך הערען דאס לעצטע ווארט ענטוועדער, אדער (ער טהוט א פליעסק —קונץ קומט אריין) פיהר אריין אהער דאס מעדכען סארא (קונץ אב) איך רעכען אז איך וועל יעצט מיט איהר קומען צו אציעל (סארא קומט אריין טרויריג ענטשולדיג מיר שיהנע סארא, וואס איך האב דיך געלאזט אביסעל ווארטין — איך בעט דיך ! זעטץ דיך דא אניעדער — איך וויל מיט דיר ריידען איין ערנסט ווארט (ער נעהמט זיא אן ביי דער האנד זעצט זיא אניעדער זיא פאלגט

איהם אוננערן — ער זעצט זיך אויף נעבען איהר) סארא, שעהנע סארא ! זאָלסט נישט רעכענען, אז דוא ביסט דאָ אין מיין שלאָסם אלס איינע געפאנגענע — איך בין פיעל מעהר דיין געפאנגענער ! דען, שוין א לאַנגע צייט האסטו מיט דיין רייץ מיין הערץ געפאנגען — — מיט דעם שריטט, וואס איך האב דיך געלאָזט ברעננען אהער, האב איך נאָר געוואלט דאָס בעצוועקען, איך זאָלל איינמאָל פיר אללע מאָל פון דיר ערפאהרען, וואָס דוא דענקסט וועגען מיר ! — מיין גליק הענגט אין דעם מאָמענט מעהר פון דיר אָפּ—זאָג ! ביסטו נאך לאנג געזאָנען, מיט דיינער קעלטע מיך אזוי צו מארטערען ? — אָדער, פיעלייכט האט דיין הערץ קיינע מינדעסטע ניינונג צו מיר, אזוי שטעהט דיר דער וועג פרייא — נאר זייא אויפריכ־טיג געגען מיר !—

שרה איך מיין, אז איך האב אייך שוין איינמאָל ערקלערט אז צווישען אונז שטעהט א שטארקע גרויסע וואנד — דיא טרייע צו מיין גלויבען ריענלט מיך ארום וויא א פעסטונג, צו פערהיטען מיינע געפיהלע געגען א מאן פו איין אנדער גלויבען און דער ענטשלוס איז בייא מיר פעסטער וויא דיא שטארקס־טע מויער. —

אולריך איך מיין נישט זאלסט זיך ענטזאָגען פון דיין גלויבען — און וואס מיך בעטריפט, גלויב איך נאר אין איין גאָטט, דאס איז גאָטט דער ליעבע דיינע ווערטער זיינען בייא מיר א הייליגער בוך און דאס אָרט, וויא איך רעד מיט דיר, איז מיין טעמפעל ! —

שרה צו יונג איז מיר מיינע מוטטער אָפּגעשטארבען — מיין פאָטער האט אריין גענומען צו זיך אין שטוב דעם יתום, ברוך—א קינד פון דיא שפאנישען מאראַנען און האט איהם ביי זיך ערצויגען — זיינע פעהיגקייטען צום לערנען, זיין עדלער כאראקטער, ענדליך דיא געוואנהייט, וואס מיר זיינען צוזאממען געוואקסען דאס אלעס האט מיין הערץ געפעססעלט און מיין איינציגער וואונש איז געווען : ער זאָל זיין מיינער אויף אייביג ! — — אלזאָ — דער מאן האט אויס־געפיללט אללע ווינקעל פון מיין ליעבענד הערץ און ווען איין אנדערער וויל נאָך דארטען א ווינקעל געפינען איז אומזיסט זיין זוכען !......

אולריך שוין צווייא מאל ביסטו אונטער דער חופה געשטאנען און צווייא מאָל איז דאָס צערשטערט געווארען — איז דאס דען ניט א פינגער פון גאָטט ? —

שרה און ווען אונזער חופה זאָל זיך צעהן מאָל איבערשלאָגען איז דאס נאָך נים קיין בעווייז, אז איך מוז ליעב האבען איין אנדערן — איך טראג זיין ליעבע

מיט מיר ארום ווען אין וואו איך בין אזוי וויא דיא שילדקרעטע טראגט מיט זיך איהר פאנצער און דיא ליעבע קען נאר געבראכען ווערען מיט מיין לעבען! —

אולריך איך וויים דא ביסט קכוג — דערפאר ווינש איך זאלסט מיר פאר־ ענטפערן דיא איינע פראגע קען איך דען רעכענען, אז דוא ביסט אזוי קורצזיכטיג זאלסט ניט בעגרייפען דעם אונטערשיעד צווישען א גהעטטא און א פאַ־ לאסט? צווישען ארמוטה און רייכטהום? צווישען שקלאפערייא און פרייהייט?— דעם אונטערשיעד, צווישען איין נפשיל וואס הייסט „ברוך" און צווישען א שטאר־ קען, רייכען אנגעזעהנעם מאן, וואס טראגט דעם טיטול גראף און ריטטער...... און ווען בייא דיר איז דאס, זאגאר, קיין אונטערשיעד, אבער דוא זאלסט האבען א וויעדערווילען, איין אבשייא געגען מיר — דאס איז געוויס אונ־ מעגליך — הא? —

שרה איהר ועט מיר ענטשולדיגען, הערר ריטטער! ניט איינצוזעהן דעם אונ־ טערשיעד פון דיא אללע זאכען, דארף מען ווירקליך זיין צו קורצזיכטיג— נאר טאקי ווייל איך האב אויגען און פערשטאנד און זעה איין דעם אונטערשיעד שרעקט עס מיך נאך שטארקער אפ פון אייך! —...... איהר מוזט שטענדיג טראַ־ גען א שנאה אויף אונז יודען און דיא שנאה איז איינגעפלאנצט געווארען נאך קליינערהייט אין אייער קינדערש הערצעלע און אנגעזויגען מיט דער מוטטער מילך אזוי, אז ווען איהר ווערט שוין פיעל עלטער און דיא בילדונג, ערפאהרונג און אייער איינענער פערשטאנד באווייזט אייך אז דיא גאנצע שנאה איז נאר אומ־ זיסט, מוז דאך פארט, ביים קלענסטען פעהלער, וואס א יוד בעגעהט נטגען אייך —פון אייער מויל זיך ארויס האפען דיא ווערטער: „בא! ער איז דאך נאר א שמוציגער יוד!" דאס אייגענע איז מיט אונז — מיר דארפען אייגענטליך אויך טראגען א שנאה געגען אייך — נאר אין דעם זייט איהר מעהר שולדיג—שטעלט אייך פאר, אז ווען א יודיש קינד קומט נאר צו זיין פערשטאנד וואס הערט ער דען נים ארום זיך און זעהט ער ניט ארום זיך? — ער הערט וויא מען בעשול־ דיגט זיינע ברידער, אז זייא פערניפטען ברונענס—ער זעהט דיא טרעהרען פון אונ־ גליקליכע מוטערס וואס איהר רויבט אוועק זייערע טעכטער, ער הערט, פלוצלונג איין אומזיסטיגען בלבול, אז מען ערמארדעט אייערע קינדער; ער זעהט וויא זיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער ווערן אונשולדיג געמארטערט אונטער דער פאל־ טער! ער הערט פלעצליך א בעפעהל, אז ער מוז פערלאזען זיין היים, זיין

געבורטס־אָרט — מען טרייבט איהם ארויס פון דאָרט — מיר קענען זיך שלאָ־פען אין אנגסט און ערוואכען אין שרעקען, פיליכט האט שוין איינער פון אייך ווידער אויסגעטראכט איין אומזיסטיגען בלבול, און מען חאפט אונז שוין אהן כּענות, מען שליעסט אונז אין קייטען און מען ווארפט אונז אריין אין שווערען קערקער! — נאָ? און איהר קענט אייך נאך איינבילדען, אז מיר זאָלען חשק האָבען צו א וואלף דערפאר, וואס ער נעהט אנגעטהון אין א ריטטער־פעלל?...... און איהר קענט פערלאנגען אז א יודיש מעדכען זאל דערפאר ארומנעהמען איהר וואלף; ווייל ער האט גאָלדענע ציין?...... אזוינע מלאכים דארף ערשט גאטט בע־שאפען. .... און מיר...... און מיר זיינען נאָך דערווייל פראָסטע מענשען — קינדער אזוי וויא—נאָ, לאָז זיין, אזוי וויא—איהר.—

אולריך און אז איך וועל דיר צוזאָגען אז איך וועל זיין איין אויסנאמע און וועל דיין פאָלק אויך ליעבען וויא דיך; וועל איך דאן קענען האפען אז—אז......

שרה נאָ! ווען איהר זאָלט דאס זעלבע צוזאָגען א יודישען מאנספערזאָן, וואָלט איך עס נאָך פיעלייכט געקענט גלויבען — נאר יעצט קען איך עס אייך גראדע נישט גלויבען; ווייל איהר זאָגט עס צו א יודיש מעדכען וואס הייסט נאָך — סארא!......

אולריך אָה סארא! גוטע, קלוגע סארא! קוועהל מיך ניט לענגער! ‏(עה, וויא איך בעט דיך און קניע פאר דיר (ער פאלט אויף דיא קניע) פאָר דיר קניעט יעצט קיין ריטטער—פאר דיר קניעט יעצט א קראַנקער מענש, וואס זיין הערץ איז פערוואונדעט געווארען פון דיין חן—איין וואָרט פון דיין מויל און דיא בענגליקסט אויף אייביג דעם רייכען בעטלער!...... סארא! אָה סארא! גיב ארויס דיין אורטהייל איבער מיין לעבען! !......

שרה נענוג! — שטעהט אויף (ער שטעהט אויף) עס איז שוין ווירקליך לאנג צייט עס זאל איין ענדע נעהמען — — איהר האט מיר פריהער געזאָגט אז איהר זייט מיין נעפאנגענער! — שעהן—פון יעצט אן בעפרייע איך אייך!...... איהר סענט פרייא און רוהיג לעבען!...... און מיר וועט איהר ערלויבען א בענליי־טער ער זאל מיך צוריק פיהרען צו מיין פאָטער און מיין חתן ברוך וועלען מיר בלייבען גוטע פריינד און מיר וועלען אייך עוויג דאנקבאר זיין.

אולריך (אויפגעבראכט) וו—וו—וואס? צו דיין חתן זאל איך דיך צוריק שי־קען? וו — אָ — אָס? איך זאל לעבען מיט דעם געדאנק אז דוא

נעהערסט איין אנדערען ...... אַה ניין ! — ליעבער זאָלסטו קיינעם ניט געהערן !
—זאָלסט וויססען, אז פון דעם שלאָסס קומסטו מעהר ניט אַרויס ! —

שרה אזוי ! — ווילט איהר דיא מאכט נעגען מיר געברויכען עדלער
ריטטער ? —

'אולריך רוף עס אָן וויא דוא ווילכט — האכטו נישט פערשטאנען אולריך'ן
צו ליעבען, וועל איך דיך צווינגען דעם ריטטער צו רעספעקטירען, צו
פירכטען ! — דאָ וועט דיך גייצמאנד רעטטען פון מיינע הענד !—

שרה און אזוי רעדט דער עדלער ריטטער ? — דער פיינער מענש ? —

אולריך (בייז) און אזוי רעדט דער צורייצטע טינער ! און אזוי רעדט דער
עדלער ריטטער נעגען איין הארטנעקיגעס יודישעס געשעפף.... און
אזוי רעדט דער ערביטטערטער הא ! הא ! הא !..... (הערצקרעמפפע— און היס־
טערישעס לאכע) חא חא הא אָה מיין גאָטט — אָה וועלכע שאנדע ! (ער לויפט
צו צו איהר וויטהענד מיט א דאָלך) שטארב דיא אונגליקליכע ! (חאפט זיך צוריק)
נאָר, ניין ! —שאנדע ! ניט אזא נידריג נעשעפף זאָל דעם ריטטערס שטאלצע קלינג
דורכבויערען, פון דעם הענקערס האנד זאָל דיין קאָפף פאלען ! ! — (ער טהוט
א טופּ מיט דעם פוס—קונץ קומט אריין) שיק אריין שנעל דעם הענקער ! (קונץ
אב) הא ? דוא פּערנלאצט דיא אויגען צו דיין גאָט ?...... בעט איהם, בעט איהם !
מיר וועלען זעהן וויא דיין גאָט וועט דיך קענען רעטטען פון מיינע הענד !......הא......
אללע מיטעל אנצואווענדען נאָר מיך נישט הערען, הארטנעקיגעס פאלק ! (דער
הענקער ערשיינט) ברעננ אריין דעם בלאָק מיט דעם בייל (הענקער אב) אזוי—יעצט
האסטו נאָך צייט — אנטווארטע מיר דאָס לעצטע וואָרט—לעבען אָדער טאָד ?—
אנטוואָרטע—לעבען אָדער טאָד ? !....

שרה (קעמפפט) — — — — טאָ—אָ—אָד ! ! —

אולריך טאָאד ? —אָה דוא געפּעהרליכעס טייפעלס קינד, אויסוואורף דער
העללע ! ווען דיין לעבען האט בייא דיר קיין ווערטה וואס פאר א
ווערטה קען שוין ביי דיר האבען א פרעמדר לעבען ?...... אַבּילו קיין טרעהר לאָזט
זיא ניט פון דיא אויגען (דער הענקער שטעלט אנידער דעם בלאק און שטעהט
פערטיג מיט דער האק אין דער האנד) נאָ יעצט זעה דיין לעבענדיגעס נראב
און פרייע דיך ! — —

שרה נאָ ? — יעצט זעהט איהר, וויא איך האב א אייער פאלש הערץ בעססער
דורכגעשויעט וויא איהר מיינס ?...... הא ! — איהר האט נעמיינט מיט
דעם גלאנץ פון אייער פאנצער צו פערבלענדען מיינע אויגען זייא זאָלען נישט

קענען זעהן אז אונטער איהם קלאפּט א הערץ פול טהיערישע ליידענשאפטען?....
איהר שעהמט אייך שטאָל, ער נאר! וואס איהר קענט ניט בעזיעגען א שוואכעס
פרויענהערץ?.... הא! איהר האט געמיינט, מיך אריין צו חאפּען אין אייער
גאָלדען שטייגעלע מיך מאכען פאר א שפּילכעל פאר אייערעווילדע ליידענשאפ־
טען?...... איהר שרעקט מיך מיט דעם טויט? — איהר אליין האט אונז גע־
לערנט קוקען דעם טויט גלייך אין פּנים און נישט מורא האבען פאר איהם!!
איהר אליין האט אונז געלערנט דאס לעבען צו פעראכטען און אונטער דעם שוטץ
פון אלמעכטיגען גאָט צו זוכע׳ אונזער גליק!! — איהר ווילט חאָטש א טרעהר פון
מיר זעהן?.... איהר ווילט איך זאל אויס בעטען ביי אייך מיין ארים לעבען, וויא
איהר האט ערשט דיא ליעבע בייא מיר געבעטעלט?...... בעוואונדערט אונזערע
אויפאָפּפערונג און בעקלאגט אייער לייכטזינן!. עס איז מיר א שאנדע מיט אייך
צו רעדען! — דער טריומפף איז מיינער איך האָב געזיעגט!! — (צום׳ הענקער)
קום טייערער שליח און בעפרייע מיך פון דעם מערדער...... אט האסטו מיין קאָפּף!
(זיא טהוט זיך א וואָרף אויף דיא קניע — אין לייגט איהר קאָפּף אויף׳ן בלאק —
דער הענקער הייבט אויף דיא האק — אין דעם מאמענט לויפט אונטער קונץ און
חאפּט ארויס דיא האק.

קונץ ניין! דיעזען מאָרד וועסטו נישט באנעהן.—

אולריך (שטוינענד) וואס? אין מיין שלאָסס? וואס פאר א רעכט האסטו
מיר צו באפעהלען, פרויא!

קונץ (וואָרפט אראָפּ פון זיך דיא פרויען קליידער) קיינע פרוי! — א פּראָסטער
ברודער! —

אולריך (שטוינענד) קונץ? ?......

קונץ יאָה! קונץ—פאָן—דער—ראָזען! דוא קענסט איהם! א גרעסערער וואגא־
בונד וויא דוא—נעוועזען! — נאָר זאָלכעס האב איך ניט געטהאן! — זיא
וועט לעבען!—שטעה אויף סארא! איך האב גאראנטירט פיר דיין לעבען:

אולריך דוא ניעדערטרעכטיגער וואגאבונד! אלס שפּיאָן און נאָך בייא מיר
אין מיין שלאס? — שטארב דוא באנדיט (ער ציהט זיין זעבעל געגען
קונץ׳ן—קונץ אין איין האנד האלט שרה׳ן מיט דער אנדערער שווינגט ער דיא האק און פערטיידיגט
זיך געגען אולריך׳ן. איין סיגנאל— אין דרויסען הערט מען א געשרייא א געלאָף—פיעלע בוויערן
ערשיינען דורך דיא טהירען און פענסטער—מאנכע רינגלען ארום אולריך׳ן און בינדען איהם—
אהער מיט דעם טיראן—קונץ חאפּט שרה׳ן, לויפט ארויס מיט איהר דורך דער טהיר—דאס
שלאסס שטעהט אין פלאמען—אין דעם געטוממעל

# פאלט דער פאָרהאנג.

# פירטער אקט.

---

(נאכט — מאָנדשיין — איינע וואלדגעגענד — אים הינטערגרונד זעהט מען, רעכטס אויף א בארג דיא רואינע פון דעם שלאסס אולריך פאן האָכפעלדען וואס דיא בויערן האבען דיא נאכט צערשטערט—דער בארג מיט דעם שלאסס שפיעגלען זיך אפ אין טייך וואס רינגעלט האלב ארום דיא געגענד פון דער לינקער זייט—ביים פוס פון דעם בארג שטעהט א טאפּאַלע --בויערן און בויערינען, מיט קרענצע געטאָקט, טאנצען וועהרענד דער פארהאנג געהט ארויף — נאָך דעם טאנצען אויף א בערגעל נעבען דער טאפּאלע געהט ארויף דער עלטערער בויער)

יאָהאַן זייט מיר געגריסט ברידער און פריינדע! איהר ווייסט דאָך אללע צו וואָס איך האב אייך גערופען דיא נאכט צו דער פערזאממלונג: איהר ווייסט דאָך אליין אונזער ביטערע לאגע, וויא מיר ווערען אונטערדריקט פון אונזערע קליינע פירסטען רייכע פפאפען און אויף דיא—יודען! צו דעם צוועק האבען מיר צו שיקט געזאנדעטע אין עלזאס, שוואָבען און פראנקען, אז אלע אונטערדריקטע ברידער, זאללען זעהן צו דער בעשטימטער צייט וויא מעגליך, זיך צו בעפרייען פון אונזערע אונטערדריקער!——דעם ערשטען שריטט האבען מיר דיא נאכט געמאכט מיט דעם שלאסס אולריך פון האכפעלדען און עס איז אונז געלונגען — און אזוי דארפען דיא איבעריגע טהון: קעמפפען געגען דיא פירסטען, פפאפען און יודען!!

רבי יאָזעלמאַנן (אונטער דער ביהנע) נאר ניט יודען! —(אללע קוקען זיך אן שטוינענד, מאנכע לויפען ארויס אין דער ריכטונג פון וואנען זייא האבען געהערט דיא שטיממע—איינער קומט אריין און שלעפט מיט זיך רבי יאזעלמאנן)

פאָלץ וויא קומט דער יוד אין אונזער פערזאמלונג? טייטעט איהם (אלע ווילען צו לויפען צו איהם — מיט דיא פויסטען.)

יאָהאַן (שטעלט זייא אפ) שטעהט! איידער איהר ווילט מאכען דעם שריט, דארפען מיר זיך פריהער איבערלעגען — פאר אללעם דארפען מיר ווי־סען ווער איז דער שפּיאָן? — קום אהער נעהנטער דוא יוד! און זאָג וויאָ אזוי האסטו זיך איינגעשטעלט בייא נאכט צו קומען אהער? — איך רעכען, אז דוא וועסט אונז ניט אויסגעבען!......

ר ב י  י אָ ז ע ל מ א נ ן  בעוואהרע גאָטט ! איך בין נאַר נעקומען אהער צו רע־
טען דאס לעבען פון מיינע ברידער ! — איך וויס—א־הר
זייט יעצט אויפגעבראכט נעגען אנדערע און וויס אויך, אז צום ערשטען אָפּפּער
פון אייער צאָרען וועלען אונזערע ברידער פאלע׳, דאדורך בין איך נעקומען אהער
אייך בעטען איהר זאָלט קיין אונשולדיג בלוט פערגיסען — — וואס האבען אייך
דען אונזערע ברידער געטהאָן ? איהר ווילט קעמפּפען נעגען אייערע אונטערדריי־
קער ! — געהערען דען די־ יודען אויך ניט צו דיא אונטערדריקטע ? — זיינען מיר
דען יודען נאָך נישט מ ע ה ר אונטערדריקט פון אייך ? מיר דארפען דאָך זאָ־
גאר קיין אקערבוי בעזיטצען, קיין האנדעל טרייבען ! און ווערען נאָך אונטער
דריקט פון אייך, בויערן אויך וואס איהר אליין זייט לייבאייגענע ! — און יעצט
קומט איהר און פערלאנגט פרייהייט נאר פיר  א י י ך  און אונז ווילט איהר אויס
שלאכטען ?—וואס האבען מיר אייך נעטאהן ? — מיט וואס שטעהען מיר אייך אין
וועג ? מיט וואס האבען מיר פערדיענט אייער צאָרען ? —

י אָ ה א ן  איהר האט קיין רעכטען גלויבען ! —

ר ב י  י אָ ז ע ל מ א נ ן  ווייסט איהר דען, בייא דיעזער צייט, וועלכער עס איז דער
רעכטער ? איהר אליין זייט אויך דול יעצט : דיא שליסען
זיך אָן צו קאטאָליקען, דיא זאָגען לוטער איז בעסער דער זאָגט קאלווין, יענער שרייט
צווינגלי—איהר ווייסט יעצט אליין אויך ניט, אויף וואָס פאר א וועלט איהר נעהמט
ארום ? — וואס זשע ווילט איהר פון אונז ? —

פ אָ ל ץ  דער יודע האט רעכט ! —

י אָ ה א ן  ווען מיר וועלען דיך טייטען, וועלען מיר טהון מיט רעכט ווייל דוא ביסט
אריין מיט געוואלד אין אונזער פערזאמלונג ! —

ר ב י  י אָ ז ע ל מ א נ ן  רעכט ! — נאָ ערפילט זשע פריהער מיינע ביטטע —
מיינע ברידער צו פערשוינען — און דער נאָך קענט איהר
מיך טייטען ! —

י אָ ה א ן  וואס שטעלסטו זיך אזוי ארויס פיר דיינע ברידער ? —

ר ב י  י אָ ז ע ל מ א נ ן  דער גנעדיגער קייזער האט מיך בעשטימט צום רעגיערער
און בעפעהלס האבער פון דיא יודען ! —

י אָ ה א ן  אויב אזוי ! — בעפעהל שע דיינע יודען, אז זייא אָלען זיך אנשליע־
סען צו אונז — דוא האסט דאך געזאָגט, אז זייא זיינען אויך אזוי אונ־
טערדריקט וויא מיר ! —

ר ב י  י אָ ז ע ל מ א נ ן  (פערלעגען — טראכט — הערר ! — — וואס וועט דיא

וועלט זאגנען פון אייך בראווע בויערען, אז מען וועט הערן
אז איהר האט אייך פערבונדען מיט דיא שוואכע פערהאסטע יודען?......

יאהאן; דער יודע האט רעכט! — איהם זאלען מיר לאזען לעבען — און מיט קיין
יודע מעהר צו טהאן האבען!

אללע רעכט, רעכט! איהר האט רעכט! —

רבי יאזעלמאנן (אפארט) איך האב זיא דא ארומגעזוכט און זעה זיא ניט
— זיא מוז דאך דא זיין —....

יאהאן נא? וואס שטעהסטו? — פיהרט איהם ארויס ביז איבערן וואלד און
דאנק גאט און אונז, וואס דוא ביסט לעבעדיג ארויס! —

רבי יאזעלמאנן אייך דאנק איך יעצט און גאט האב איך פריהער גע־
דאנקט, איידער איך בין אהער געקומען! (צווייא בויערן
פיהרען איהם ארויס.)

פאלץ ע ברודער! מיר האבען נאר פערגעסען אן א וויכטיגער זאך! — וואו
איז ערגעץ דער העכט, וואס מיר האבען דיא נאכט געפאנגען —......
ברעננט איהם אריין! (פיעלע לויפען ארויס לינקס און ברעננען אריין אולריך׳ן גע־
בונדען דיא הענד אהינטער).

יאהאן נאר נישט טייטען! — נאר קיינען איבעראיילטען שריט!! —

פאלץ מיר וועלען דעם העכט אבשאבען דער נאך אבקאכען! (מען בינדעט צו
אולריך׳ן דיא הענד אהינטער צו דער טאפאליע—אללע רינגלען איהם ארום
שפעטען, לאכען פון איהם און זינגען:

קוקט נאר אן דעם פיינעם העכט!
צוגעבונדען גאר ניט שלעכט....
פאר זיין שטיקען, (בים)
אונטער דריקען,
אונז צו מאכען פיר דיא קנעכט!
יעצט קוקט איהם נאר אללע אן! —
חא! חא! חא! חא!
לאז ער יעצט נור פריווען טהאן?
חא! חא! חא! חא!
נא? בעפעהל אונז אצונד אויך
אויב דוא האסט אביסעל כח? !......
חא. חא. חא. חא.

(וועהרענד אלע רינגלען איהם ארום און רייצען זיך מיט איהם — קומט אן קונץ נעקליידט אלס ציגיינער און פיהרט שרה׳ן ביים האנד אויך פערקליידעט אלס ציגיינערין—שטעלען זיך אן א זייט.)

קונץ (רעדט שטיל צו שרה׳ן) דיא נאכט מוזען מיר שוין דא איבערזיצען; ווייל דער וואלד ווערט שטארק בעוואכט — וויא עס ווערט נאר טאג פיהר איך דיך אפ צו דיינע עלטערען — נאר האלט דיך דערווייל אין דיין ראלע...... מען זאל דיך ניט דערקענען...... זייא מונטער, פריילעך! וואס זאל מען טהון? דוא וזט עס איבער קומען! —

פאלץ (קעהרט זיך אום) ע איהר ציגיינער! וואס שטעהט איהר און שווייגט וועהרענד ביי אונז געהט צו אזוי מונטער! — קענט איהר עפעס זינגען, טאנצען אונטערהאלט אונז!! —

קונץ דיא ציגיינערין וועט אייך זינגען און איך וועל טאנצען —

אללע שעהן, שעהן! —

.1

שרה (זינגט) ווען דאס פלינעלע איז אפגעפליקט,
נא? וויא קען דען דאס פייגעלע פליהען? —
ווען דיא קנאספע איז אפגעפיקט,
וויא קען דען דיא בלומע בליהען? —
וויא קען דען דאס גלעקעלע קלינגען?
ווען דאס ציינגעל פעהלט דארין;
אוי—וויא קען דאס הערץ דען זינגען?
ווען עס איז דעם גאר ניט אין זינן: —

קונץ (שטיל צו שרה׳ן) פאר וואס אזוי טרויעריג? — פריילעך, מונטער!

שרה (נעהמט ביי איהם פון דיא הענד דאס פייקעל—מיט א פרעהליכע מיענע - זינגט און טאנצט:)

הא! הא! הא!
אבער אז דאס, מענשעלע איז נאך, אין גלאנץ,
אבער אז דאס פיסעלע איז נאך גאר גאנץ,
קען מען דאך פערשטעהן,
אז מען מוז זיך פרייען,
און איינלאדען דאס
הערצעלע צום זינגען און צום טאנץ!

.2

שרה  אָה וואו ביסטו דוא גאָלדענע צייט !
אוועק ביסטו פון מיר וויא א חלום !.....
וואָס ביסטו אוועק פון מיר ווייט
אוי ! מיט דיין רוה אין שלום......
ווען דאָס פיסעלע קען ניט שטעהן
וויא קען עס גאָר טאנצען בעליעבט ?
וויא קען דער מענש זיך דען פרייהען ?
ווען זיין הערצעלע איז איהם בעטריעבט !......

קונץ (שטיל) וואס טוסטו ? — פרעהליכער מונטער !

שרה (גרייפט וויעדער דאס פייקעלע און זינגט—וויא פריהער)

פאָלץ שעהן — נאָר אזוי וויא מיר ווילען זיך באלד געהן אין וואלד אריין זיך א ביסעל אונטער פאסען, וועסטו אונז זינגען עפעס פריילעכערס—ווילען מיר האבען מעהר אפעטיט צום עסען,

קונץ אנדערש קענטו ניט אפעטיט האבען צו עססען נאָר מען זאָל דיר זינגען — נאָ זינג זינג ציגיינערין עפעס פריליכעס און מיר ווילען נאך זינגען און נאָכטאָנצען !

שרה (נעהמט דאס טאמבורין זינגט און טאנצט מיט קונצען :)
וויא גוט איז צו זינגען אין א זוממער נאכט ! — טרא לאָ לא לאָ
דער מאָנד קוקט אויף אראָפּ און לאכט טרא לא לאָ לא
און שטערנדלעך אין דער הויך,
בענייד ען אונז און טאנצען אויך,
און דער וגאלד, דער העלפט אונז צו  קאָהר
אונזער שענער מעלאָדיע  ביס
טאנצט זשע טאנצט זשע אללע אין איינעם
פריילעך קינדער, פריילעך קינדער, מעננער פרויען

(קונץ טאָנצט—סאָלאָ—אללע פּיעסקען—אללע טאנצען ארויס אין וואלד אריין און שרייען : אין וואלד אריין. אללע אב)

שרה (בלייבט איבער—געהט צו צו אולריך׳ן וועלכער שטעהט נאך צו געבונדען צום בוים) נאָ ? זעהסטו מענש, אז עס איז דאָ א גאָטט אויף דער וועלט ! — א גאָטט וואס באַהאָלט דעם בייזען און רעטטעט דעם אונשולדיגען !—....

**אולריך** (ניעדערגעשלאגנען) האסט רעכט! אצונד קענסטו דיר קיהלען דאס הארץ אין מיר וויפיעל דוא ווילסט; נור איין ביטע האב איך צו דיר: אום מיינע שונאים זאללען מיך לעננער ניט קוועהלען מיט זייערע שפעססע.... און אויך דאמיט דוא זאלסט קענען דיין ראכע אין מיר אויס איבען — טהו מיר דיא איינע טובה: נעהם מיין דאלך און טייט מיך!

**שרה** אויב עס וועט פאר דיר א טובה זיין. וויל איך עס גראדע ניט טהון; ווייל דוא האסט ניט פערדיענט איך אל דיר א טובה טהון! —...... איך דאנק אבער אצינד מיין גאָטט, וואָס ער האט מיר דיא געלעגענהייט פערשאפט דיר צו איבערציינגען, אז איך האנדעל מענשליכער פון דיר! — אין דעם מאָמענט וואו א מענשענס לעבען העננגט אויף איין האר, וויל איך פארגעסען, אז ער האט מיר אמאָל שלעכטס געטאָהן!...... דוא ביסט א מענש! און דיא הייליגע פפליכט פון יעדען מענשען איז, איינער דעם אנדערן דאס לעבען צו רעטען ווען ער איז אין א געפאהר (זיא געהט צו צום בוים שניידט מיט איהר דאָלך איבער דיא שטריק — טהוט א געשרייא) דוא ביסט פרייא! (און לויפט אויף אין וואלד אריין.)

**אולריך** (וויל נאָר זאָגען) אָה דוא ענגעל (קויפט אונטער א בויער פון דער אנדערער זייט און לאָזט איהם ניט אנטלויפען — אולריך ראנגעלט זיך מיט איהם אזוי לאנג ביז ער ווארפט דעם בויער צו דער ערד און ענטקויפט לינקס.)

**דער בויער** (שרייט) פערראטה! א פערראטה!

**אללע** (לויפען אריין פון דער רעכטער זייט) וואס איז געשעהן?

**בויער** דער ריטטער האט זיך פונים בוים אָפגעבונדען און איז ענטלאָפען! —

**פאַלץ** (קוקט זיך צו) ניין! ער אליין האט זיך ניט געקענט אָפ בינדען — דיא שטריק זיינען אָפגעשניטען! ווער קען דא זיין צווישען אונז דער פעררעהטער? —

**יאָהאן** איך וועל אייך זאָגען, ברידער! אזא זאך איז שווער צו אונטערזוכען — כאָמיר אלע פאלען אויף דיא קניע און אָפלייגען א שבועה פאר דעם קרייץ, וואס שטעהט דארטען און ווען אללע וועלען שווערן דארפען מיר קיינעם ניט חושד זיין; ווייל איך האָף אז קיינער פון אונז ויעט ניט פאלש שווערן (אלע פאלען אויף דיא קניע, רעכטס אין דער ריכטונג צום וואלד—אויסער שרה׳ן — יאָהאן בעמערקט עס און פרעגט) נאָ? און דוא ציגיינערין? פאר וואס פאלסטו ניט אויף דיא קניע צו שווערן? —

**שרה** איהר וועט מיר ענטשולדיגען — מיין שבועה קען ניט גילטען!!......

יאָהאַן פאַר וואָס

שרה מיינע קניע ביינגען זיך ניט!...... ווייל איך בין א......

יאָהאַן א פּרוֹעַנצימער? — מאכט נישט! פרויען זעהסטו שווערען אויך!

שרה ניין—ווייל איך געהער צו איין אנדער גלויבען (קונץ בכייבט אין איין פּעלענ־הייט—ווינקט צו איהר)

יאָהאַן איין אנדער גלויבען? — וויא אזוי? —

שרה — — ווייל איך בין — — — א יודין! (קונץ ברעכט פערצווייפעלט דיא הענד)

אללע (הייבען זיך אויף) א יודין?...?הא!

יאָהאַן אויב אזוי איז נישטאָ וואָס צו זוכען!—אויף איהר פאלט דער פערדאכט! זיא מוז ווערן! — פּעראורטהיילט!

קונץ שטעהט! עס איז אונמעגליך זיא זאל עס טהון — דען דער ריטמער האט זיא פארפיהרט צו זיך אין שלאסס און האט זיא געוואלט טייטין; נאר דער צופאלל פון דעם בויערנאויפשטאנד האט זיא פון זיינע הענד נערעטעט—נאָ? און ווען זיא האט דיא בויערן איהר לעבען צו פערדאנקען, דארפען זייא איהר דאס לעבען ניט רויבען! —

פּאַלץ פאַר וואס האט זיא זיך פערקליידעט? —

קונץ אום זיא זאל רעטען איהר לעבען פון דעם וואוטה דער בויערן און דאָ דיא נאכט איבער ווארטען ביז אין דער פריה דאן וועט זיא אוועק צון איהרע עלטערען! —

פּאַלץ ניין דיא יודין מוז פעראורטהיילט ווערן! — וואס זאָגט איהר ברידער? —

(געזאַנג) קאָהר ניין קיין רחמנות, ניין קיין רחמנות! פעראורטהיילט מוז זיא ווערן אָט דיא יודין!! —

שרה הערט מיך אויס איהר מענשען וואס איך וויל אייך זאָגען! —

קאָהר יאָה, זאָג!

שרה האב איך דען א פעהלער פרעג איך בייא אייך — בעגאנגנען מיט דעם? —

קאָהר נאָ? וואס זאָגט איהר צו דעם! — זיא זאָגט גאָר בעגאנגנען א פעהלער —

שרה הייסט דאָס דען, אוי, בייא אייך א פעהלער — א פעהלער הייסט דאס בייא אייך אז איהר האט געוואלט א מענשען אומברענגנען און איך האב איהם יאָה איך האב איהם גערעטעט פון רעם טויט! —

קאהר נאָ וואָס זאָגט איהר? ווער האט דיך געבעטען — איהם דאס לעבען רעטטען — נאַ, זאָג, ווער?

שרה נעהמט אָן דעם פאל: איהר ווילט נעהמען ראכע,
אין א מענשען, וואָס האט אייך פּיעליכט שלעכטס געטהון —
האט איהר איהם שון יעצט פאר דער ראכע
גענוג, דאכט מיר, שוין גענוג בייז געטהון!......
האט איהר איהם דען, האט איהר איהם שוין דען ניט,
לעבעדיגערהייט פערצאפּט זיין בלוט?......
איז דען דאס ניט געווען פאר איהם דיא גרעסטע נויט?
איז דען דאָס איהם ניט געוועןערגער פון דעם טויט?
נאָ! זאָגט איהר אליין! —

קאהר פעראורטהיילט מוז זיא ווערען אָט דיא יודין!! —

שרה אוי בערעכענט אייך — בערעכענט אייך איהר לייטע! —

קאהר דעם טויט דער יודין!! —

שרה אך איהר מענשען איבערלייגט אייך — בעפאר דעם שריט צו מאכען....
איך בעט אייך איבערלעגט דאָס גוט! —

קאהר ניין, קיין רחמנות פעראורטהיילט מוז זיא ווערן אט דיא יודין!! —

שרה איך זעה ארויס איהר מענשען אז איך בין פערפאללען, איך בין אין דיא הענד בייא אייך אצינדער זאָ וויא זאָ......

קונץ טהוט מיר צו ליעב מיינע ברידער

שרה פערצייהעט מיר איך בעט אייך

קונץ אָה אָה פערצייהעט,

שרה איך בעט אייך מענשען,

קאהר ניין, ניין, ניין, ניין! (אין דעם מאָמענט — הערט מען פלוצלונג פון הינטער דער ביהנע א שטיממע וואס זינגט „וואויל איז דעם מענש"....

אללע בלייבען שטילל און הערען זיך צו, צו דער שטימע אין וואונדערן זיך — שרה און קונץ דערהערן דעם בעקאנטען סיגנאל זאָגען נאָך פרעהליך:)
איין זיפץ פאָם הערצען אהין, אהין צום היממעל דאָרט!......
איז דיא ישועה דאָ אויף דעם אָרט! —

(מען זעהט וויא רבי יאָזעלמאַן קומט אָן אויף דעם טייך מיט א שיפעל — אללע בויערן לויפען צו בייז — שרה און קונץ לויפען צו צום אופער און עמפּפאנגען איהם מיט אויסגעברייטעטע ארמע!)

רבי יאָזעלמאנן (געהט ארויס פון דעם שיפּעל און טהוט א געשרייא) שטעהט וויא מענליך רעטעט אייך קינדער! דיא בע־וואפנעטע ריטטער אין אולריך אן דיא שפּיצע לויפען צו אייך און ווילּלען אייך בע־פאלען, רעטטעט אייער לעבען וויא מעגליך שנעל — עס וועט אייך גאר נישט גע־שעהן, ווייל דער קייזער קארל וועט זיין מאָרגען אין וואָרמס צום רייכסטאג, בייא איהם וועט איהר דעם בעסטען שוטץ געפינען געגען אייערע אונטערדריקער— איך וועל אויך דאָרט זיין —דערווייל רעטעט אייך שנעלל און לויפט אהין לינקס; ווייל זייא לויפען פון דאָרטען רעכטס—שנעל! —

אללע (קוקען זיך אום) דער יוד האט רעכט! (זייא לויפען אַוועק מיט מורא לינקס —אין דעם מאָמענט לויפען אָן דיא בעוואפנעטע ריטטער אן זייער שפּיצע אולריך אויף א פערד רייטענד—זיי פרעגען זיך אלע--וואו?—וואו?—איין ענטפער— „דאָרט, דאָרט!" לויפען אוועק לינקס — אויף דעם טייך פאָן דער פערנע זעהט מען קונץ, שרה, רבי יאָזעלמאנן אין דעם שיפּעל אוועק שווימען רעכטס וועהרענד זייא זינגען: „איין זיסץ פונים הערצען אהין... איבער דער געגענד פאנגט אָן טאָג צו ווערן....

# דער פאַרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.

## ענדע פון פירטען אקט.

---

# פינפטער אקט.

(שטעלט פאָר א פרייער פלאטץ אין דער שטאט ווארמס ארום מיט בולעווארדען אים הינטערגרונד, איין ערהעבונג, אויף וועלכען א טהראָן מיט א באַלדאַכען: פון ביידע זייטען אמפהי־טהאעטער — אלע ביימער זיינען בעפוצט מיט פערשיעדענע פאהנען וועהרענד דער פאָרהאנג געהט ארויף שפיעלט דיא מוזיק א מארש — עס קאָממען אין מארש סאָלדאטען — נאך זייא פאזשען נאָך זייא בירגער — ראָקאָקאָ געקליידט — נאך זייא סאָלדאטען און דער קייזער קארל — ער געהט ארויף אויף דעם טהראָן. אללע זינגען דיא קייזער הימנע און שרייען הוררא.)

קייזער קארל מיינע טרייע קורפירסטען, פירסטען און הערען! וועהרענד איך דריק אייך יעצט אללע אוים מיין דאנק פרייט עס מיך זעהר צו זעהן וויא דער רייכסטאָג איז אזוי צאהלרייך בעזוכט דאָס ווייזט וויא טיעף יעדער פון אייך טראָגט אין הערצען דאָס וואהרע געטריישאפט צו זיין גלויבען צו זיין נאציאן און פאטערלאנד, דאס איבערצייגט מיך, אז עס ווירד פון אצינד אָן ווידער הערשען דער נעווינשטער שלום צווישען דיא גלויבענס סעקטען וויא אויך אין גאנצען היילינגען רוימישען רייך דאָס איז מיין בעסטער ווילען וואס איך האב נעווינשט וועהרענד איך האב בעטרעטען דעם טהראָן פון מיינע עלטערן, און האָפע איהם ווייטער צו ערפיללען מיט הילפע גאָטעס! — (ער זעצט זיך אניעדער אויף דעם טהראָן).

אללע הוררא עס לעבע דער קייזער!

קארל האָ? און דוא מיין ליעבער יאָזעלמאנן! וויא געהט עס דיר? — עס איז זעהר רעכט וואָס דוא ביסט אויך דאָ — איך בין דיר נאך שולדיג איין אלטען חוב איך האב נאך דיין ביטשריפט וואס דוא האסט מיר געשיקט ניט אונטער געשריעבען, נור איך וועל מיט גאָטס היקף טהון! — נאָ! און וואָס איז יעצט דיין באגער? —

רבי יאָזעלמאנן איממער אויף דיא זעלבע זאך מ יעסטעט! דיא זעלביגע אנגעלעגענהייט וואָס האט מיך צוריק מיט א יאהר צוועלף צו דיר נאך היספאניען געפהרט און פיהרט מיך שטענדיג צו דיר: איך זוך שוטץ, גנאדע, גערעכטיגקייט פאר מיינע אָרימע פערפאָלגטע ברידער איך האב געהערט אז אללע קורפירסטען און גראפען האבען פעסט בעשלאָסען פון

דיר א בעפעהל צו פערלאנגען אללע יודען פון דעם דייטשען רייך ארוים צו טרייבען
— בין איך געקומען יעצט איך זאָל מיין בקשה אים נאמטען פון אללע יודען צו
דיינע פיס לעגען מאיעסטעט! —

קארל יאָ מען דאָקוטשעט מיר זעהר פון אללע זייטען וועגען דיא יודען און
מיין הייליגע פפליכט אלס הערשער וואס מו פערטהיידיגען דיא אינ־
טערעססען פונים לאנד, וועט ניט קענען זיין דאגעגען דיא פארדערונגען צו
ערפיללען.

רבי יאָזעלמאנן אייערע מאיעסטעט איז פון דעם אלמעכטיגען גאָטט גע־
זעצט דאָ אויף דער ערד אלס זיין ווירדיגער שטעל פער־
טרעטער צו זיין דאָ א ליעבפאָללער פאטער און בעשיטצער פון אלע זיינע אונטער־
טהאנען און נישט צו לאָזען קיין רציחות — מיין קעניג און הערר! שוין גענוג
צרות און לייד האבען איבער געטראָגען מיינע אונגליקליכע ברידער פון אומזיסטיגע
בלבולים! גענוג פון מיינע ברידער זענען אונשולדיגערהייט גערויבט געוואָרען
געטייט געוואָרען, און מיט ביטערע שמערצען זייער לעבען אונטער דער שרעקליכער
פאָלטער, פארלאָרען — נאָר דאָס אלץ איז נאָך ווענינ געגען דעם אומגליק: פון
זייער געבאָרענעם ווינקעל, פון זייער היים, ארויסגעטריבען צו ווערן!......און וועלען
מוזען יונג און אלט מענער און פרויען, מיט זייערע קליינע קינדער ארומבלאָנדזען,
אין דער פרעמד וויא דיא אונבעהאלפענע שאָף אין זייער עלענד־לעבען זיך ארומ־
טרייבען אונטער געפעהרליכע קראנקהייטען, הונגער און נויט—און פאר וואָס פאר א
זינד? פאר וואָס פאר א פערברעכען? — דער פאר וואס זייא ווילען אויך אלס
מענשען עסען א רוהיג עהרליך שטיקעל ברויט? און לאָזען זיך אָפפערן פאר דיא
בעלי בתים, וואָס וועלען זייא ערלויבען דיא ברעקלעך ברויט וואס וועט פון זייער
מויל אראָפפאלען אויפצוהעבען און געניסען!—אה! גרויסער הערשער! מיר בעטען
אונטער דיינע פליענעל שוץ, גנאדע און בארימהערציגקייט!

קארל מען דערציילט מיר פון דיינע יודען שלעכטע מעשים—זייא פאָדערן ניט
וויא דוא זאָגסט, נור א שטיקעל ברויט צו עסען פון דיא בעלי בתים,
וואס וואוינען בייא זייא; נאָר זייא ווילען זאָגט מען, פון זייא אויסזויגען דעם
מארך מיט זייער וואוכערען! —

רבי יאָזעלמאנן גנעדיגער קעניג אונד הערר! מען בעשולדיגט דיא יודען
מיט דעם הטא, גלייך וויא בייא דער נאציאָן וואלט דאָס
וואוכערן געוועזן א געבאָרענע פאמיליענקראנקהייט, וואָס איז שווער אויסצוהיילען—
ווערענד, וויא דוא ווייסט באלד הערען, איז דיא קראנקהייט נאָר וויא געשטעלט

פאַקען וואָס יענע מענשען האָבען עס אליין צוגעטשעפעט צום יודענס לייב! — אונ־זערע עלטערען אין פאלעסטינא זיינען שטענדיג געווען א פאָלק נאָר פון אקערבוי אין פיה־צוכט: נעהם אלע אונזערע שבטים: נפתלי האט בעארבייט זיינע פעלדער — אשר האט געפלאנצט איילבוימער — יהודה האט זיך אבגעגעבען מיט וויינגערטנער ראובן, גד, מנשה האבען געהאַט גרויסע טשערעדעס מיט פאשע זבולן פאבריצירט גלאָז אין קרישטאל פון זיין הייסער זאמדיגער ערד אין פארבט וואלקליידער מיט דער זאפט פון דער פורפור־שנעקע — יששכר לערענט שטענדיג און שטודירט נאָר וויסענשאפטען — פון שמעון און לוי קוממען ארויס דיא הייליגע פאָלקס־לעהרער און פריסטער — ערשט זייט אונזער הייליגע שטאדט ירושלים איז צערשטערט געוואָרען און יעקב'ס קינדער זיינען צוזייט געוואָרען צווישען אללע נאַציאָנען און לענדער — האט מען פון אונז צוגענומען דיא בירגערליכע רעכטע און אונז פערבאָטען צו בעשעפטיגען זיך מיט אקערבוי און פיה־צוכט און מען האט אונז געצוואונגען דורך קליינהאנדעל אונזער לעבען צו ער־האלטען, און פון דעם ארעמען ריזיקירטען גראָשען מוזען זייא נאָך מיט אלע גלייך צאהלען איהרע שטייערן און אבגאבען — לאָז מען ערלויבען מיינע ברידער אנדע־רע בעשעפטיגונגען: גרונד און באָדען צו בעזיטצען, האנדוועדקע צו לערנען און צו ארבייטען וועט איהר זעהן צו מען וועט זיך האבען אויף זיי־א צו באקלאָגען — איך וואלט אליין, אלס זייערער בעפעהלס־האבער, שטרענג דיא פראָפעסיאָן פער־באָטען — נאָר דאָס וועט הייסען גלייך וויא איך זאָל זייא צווינגען לעבען אין ביטערן עלענד אדער נייטין זייא אויסשטארבען פאר הונגער — אָה גנעדיגער הערשער; בעשולדיג ניכער דיא, וואָס האבען זייא דורך זייערע אונמענשליכע געזעטצע געבראכט צו דער פראפעסיאָן —

אולריך מאיעסטעט! — דאָס וואָס אונזערע בויערן האבען געמאכט דעם אויפשטאנד זיינען דיא יודען שולדיג! זייא האבען זייא מיט אלעם מענליכעם געשטיצט — דערפאר האט מען זייא פון אנדערע לענדער פארטריבען — און זייא זיינען זיך אנגעלאָפען אין אונזער לאנד — בעפאלען וויא דיא היישעריקען אין זויגען אונז אויס ביז צום גרונד וען מיר וועלען עס ווייטער אזוי צולאָזען וועט אונזער לאנד אָרעם ווערן און מיר וועלען צום גרונד געהן! זאָלל זיינע מאיעסטעט אזוי גוט זיין און אונטערצייכנען אונזער ביטטע דיא יודען פון נאנץ עלזאס ארויסצוטרייבען!! — אַט האָסטו דיא ביטטע מיט דער אונטערשריפט פון אלע פירסטען. —

קארל נאָ? וואס זאָגסטו יאָזעלמאנן? —

נעדיגער קעניג אונד הערר! —דאס איינציגע גליק איז נאך
פאר אונז יודען ווען א נזע״ע שונאים האסען אדער פער־
פאלגען אונז פאר אונזערע בעהלער דען א פעהלער קען מען פארבעסערן. ...
אונגליקליכער זיינען מיר אבער, ווען אונזערע שונאים פערפאלגען אונז ווייל מיר
זיינען צו שעהן.... און מיאוס מאכען זיך אליין צוליעב א שונא וועט א מענש
קיינמאל ניט.... אין מיין לעבען ליגט ניט אין דער טבע א מענשען שלעכטס צו
טהון, אדער אויף יענעם צו דאנעסירען—דא אבער, אום צו פערטיידיגען אונזער
אינטערעסע מוז איך דיך אויפמערקזאם מאכען, אז דער מענש (ער ווייזט אויף
אולריך׳ן) האט אורזאכע אויף אונז בייז צו זיין; ווייל שוין א צייט אז ער פער־
פאלגט איין אונשולדיגע טאכטער פון דיא יודען און וויל זיא נייטען זיין ווילען צו
הערען — וועהרענד מען האט איהרע עלטערן גענצליך בערויבט זייער פערמעגע.
טהוט דען דאס קינד מיט דעם אונרעכט אז עס לאזט זיך ניט איהר איינציג
פערמעגען דיא אונשולד רויבען צו לאסען? —

אולריך ווער קען עס מיר איבער צייגען יודע! —

קונץ (שפרינגט אריין אלס קלוין געקליידעט) איך! — הא! הא? — — —

איך בין דעם קייזערס האפ־נאר, דער (ווייזט אויף רבי יאזעלמאנן) דעם
קייזערס האפ־חכם און דוא ביזט דעם קייזערס האפ־ליגנער! (אולריך ווערט בע־
שטירצט) — איך האב געהערט אז דוא הייבסט אן דעם קייזער לאנגווייליגען און
דאס טאר איך ניט דערלאזען — איך האב געהערט וויא דוא האסט אונז געליינט
שטיינער אויף׳ן הערצען אז אונזער רייך לאנד דארף נעבאך מורא האבען עס זאל
ניט ארעם ווערן פון דיא יודען — נא העלדען! איהר שטעהט און שעהמט אייך
גאר ניט? איהר שווייגט ווען ער בעליידיגט אונזער לאגד און דיא העלדען? —
וואס פאר א רייך לאנד האבען מיר און וואס פאר א שטארקע העלדען זייט איהר
אז איהר זאלט מורא האבען פאר איין ארים, קליין, יודעלע ער זאל אייך ניט צו
גרונדע ריכטען? — נעבאך א רחמנות! — עדלע הערדען און פירסטען שווייגט!—
דער נאר רעדט! — איך ערלויב מיר אייך פארצושטעללען צוויא פערזאנען דעם
הערן (ווייזט אויף קארלען) און דעם הערן (ווייזט אויף אולריך׳ן) זייא האבען ביידע,
דאכט זיך אייך, גלייכע נעז; נאר דער חלוק איז צווישען זייא ביידע, וואס דער
הייסט קארל מיט א „א" און דער קערל מיט א „ע" און וואס דער הייסט אין דער
וועלט — קארל דער פינפטער און דער הייסט — „דער ערשטע קערל אין דער
וועלט!" — אט דער ריטטערליכער קאליקע וואלט געוואלט אלכע יודען ארויס־
טרייבען נאר אלכע יודענעס זאלען בלייבען; ווייל בייז איז ער נאר אויף איין יודענע

זאָל איך דערציילען ? — ער האט א שעהן יודיש מעדכען פון איהר פאטער און חתן אוועק גערויבט — זאָל איך דערציילען ? — און צו זיך אין שלאס געבראכט— און — זאָל איך דערצייקלען ? — און האט זיא געוואלט איינפאך טייטען — מיינט איהר פאר וואס ? ווייל ער איז שיער געשטאָרבען פאר איהר און זיא האט ניט געוואָלט מיט איהם פאר זיין טויט ווידוי זאָגען — נאָר חאָטש ער האָט איהר גע־וואָלט דאס לעבען נעהמען האט דאס בראווע מעדכען איהם אליין — ווערענד דיא בוערן האבען איהם צוגעבונדען ביים פיסעל צום בוים כפרות שלאָגען, האט זיך דאס מעדכען איינגעשטעלט איהר טייער לעבען איהם נעהאלפען צו ענטלויפען ער זאָל קענען זיין וואָלויל לעבען ראטעווען — וויא איהר קוקט איהם אָן מיט מיינע נאָזלעכער — האט ער געוואלט וויא א שטן אויף מיך צו איין עבירה פארפיהרען — זאָל איך דערציילען ? — ער האט מיר צוגעזאָגט פיעל געלד איך זאָל פאלש דאָנעסירען אויף דיא עלטערען און מעדכען — און דער בירגערמייס־טער פון אָבערנהיים האט אונז אללע ארייננעקנאקט אין קערקער — און האט אונז נעהאַדעוועט אויף קהל'ס חשבון מיט געבראָטענע שפייזען און געקאָכטע אייזערנע לאָקשען—פון דער הייליגער כשרער קיך, עס וואלט אונז אללעמען דער רוח צוגענומען — האט זיך באוויזען צו אונז וויא א מלאך פון גאָטט אָט דער רבי יאָזעלמאנן און מיט זיין געקערזאמקייט און חכמה מיט זיין זיסען מאָראל האט ער מיך צוריק געבראכט אויף'ן גוטען עהרליכען וועג — איהם האב איך צו פער־דאנקען מיין חרטה, איהם האבען מיר צו פערדאנקען אונזער לעבען — לאָז איך דער בירגערמייסטער עדות זאָגען —

קארל וואו איז דער בירגערמייסטער פון אָבערנהיים ? —

פאָנלער מיין העדר איז קראנק האט ער מיך געשיקט איך זאָל איהם פער־טרעטען ס'שאט נ'ט.

קונץ שטעה גלייך בלי-דער הוגד ! — דאָס איז איין האָפליקער מיט דער געג־זענע פעדער !

קארל און דאָס מעדכען לעבט ? —

אהרן מיט ברוך'ן (קומען אריין פאללען צום קעניג מיט א ביטשריפט) גנאָדע גרויסער קעניג ! מיין איינציגע טאָכטער האָט דער ריטטער אולריך אוועק נעפיהרט— אָה מיין קינד ! ערלויבט מיר נור איהר טהייערען קערפער צו זעהן —

קונץ דאָס אי דער פאָטער און חת', פון דער אונגליקליכער מעדכען — וואס בעט איהר זיך בייא איהם נעבעך, בעט זיך בייא איהם (ער ווייזט אויף

אולריך'ן) בייא איהם קענט איהר זיא האבען—דאָ ליגט דער הונד באגראָבען. —
אהרן מיט ברוך'ן (פאלען דעם ריטטער אולריך צו דיא פיס) אָה מיינע טאָכטער! (מיינע ברויט) איך בעט אייך האט רחמנות

ניט מיר צוריק מיין איינציגען שאטץ אין מיין לעבען אויב זיא לעבט — און ווען חלילה טויט, גיט מיר צוריק איהר טהייערען טויט'ן גוף, דוא ביסט דאָך א מענש קיינע ווילדע חיה. ווילט איהר אייך דען נוקם זיין אין אינזערע טויטע קערפּערס אויך?
קונץ איהר זעהט פאר וואָס פאר א שאָף, אונזער לאנד און איהרע העלדען האבען מורא צו האבען! ווען ער נעהמט צו מיינע א טאָכטער וואָלט איך איהם פאר אייך אין דיא אויגען אויפגעשניטען דעם בויך, און דיא מענשען לינען נאָך און ויינען און בעטען — שטעהט אויף נאראָנים נישט ביים טייפעל ווערט איהר געפינען דעם מלאך — א מלאך זוכט מען צווישען מלאָכים!...... (ער וויזט אויף רבי יאָזעלמאנן) מיר האבען זיא אייך אפּגעראטעוועט און געבראכט צו אייך א היים ריין, אונשולדיג וויא א מלאך נאר מיר האבען אייך אין דער היים ניט גע־טראָפען איהר זייט שוין דא געוועזען.
אהרן מיט ברוך'ן (פאלען צו צו קונץ און רבי יאָזעלמאנן) אָה לעבען זאָלט איהר פאר דער בשורה! (זייא קושען זייא אין דיא הענד און פיס.)
קונץ ווארט, איך דארף מיך אָנפרעגען אין מיין הביתגל (צו קארלען) וויא זאָגסטו בעל הבית נאָ גיב א געלעכטערל—זאָל איך זייא אָפּגעבען זייער טעכטעריל? — ניין דו ביסט עלטער פון אונז עס איז נישט קיין דרך ארץ מען דארף דיך מכבד זיין מים דער מצוה; ווייל — טרייסטען הערצער איז דיין מלאכה רעטטען אונגליקליכע איז דיין מלאָכה, שטיצען געפאלענע איז דיין מלאָכה, — בעלוינען גוטע איז דיין מלאכה, שטראָפען שלעכטע איז דיין מלאָכה—דיין מלאכה דיין מלאכה (ער וויזט אויף אולריך'ן) חאפּען מיידען איז זיין מלאכה, זיין מלאכה...
קארל יאָה! האסט רעכט ברענג אריין דאָס קינד! —
קונץ ע מוזיקאנטען! נעהמט דיא אינסטרומענטען, שפּיעלט דעם נגון דעם בעקאנ־טען! — (מען שפּיעלט א מארש).
שרה (שעהן געקליידעט קומט אריין אין בעגלייטונג פון פאזשען—רבי יאָזעלמאנן נעהמט זיא אָן פאר דיא האנד—פיהרט זיא צום קעניג).
קארל (נעהמט זיא אָן פאר דער האנד) אלס געטרייער פאטער פון זיינע אלע אונטערטהאנען אהנע אונטערשיעד דעם גלויבענס, איז מיינע הייליגע פפליכט צו איבען רעכט און גערעכטיגקייט — דוא פאטער האסט דיינע טאָכטער

און דוא חתן האסט צוריק דיין כלה און מיין זענען דאבייא ! — נון און דוא „ערד־לער“ מענש ! (ער ווענדעט זיך צו אולריך) דיר וואָלט איך געראטהען אז דוא זאָלסט מיט לעזע־געלד אויסקויפען זיך פון דער זינד וואָס דוא האסט בעגאנגען— דיין שקאָס. וואס פאר איהר איז ער געווען פריהער א קערקער און האט געוואָנט מיט איהר לעבען, זאָל איהר פערשאפען דאָס בעסטע לעבען דער שלאָס זאָל געהערען צון איהר ! —

שרה ערלויבט מיר גרויסער קעניג אייניגע וואָרטען — — אונזער הארץ איז פאָל פרייד און דאנקבארקייט אז עס קען גאָר ניט געפינען קיין רייד אייך אויס צו דריקען אונזער היילינע ברכה גרויסער הערשער ! דוא ווערסט אונז אבער ענט־שולדיגען, וואָס גראדע בייא דעם פאל קענען מיר ניט און טאָרען ניט אן נעה־מען דיא מתנה מיר יודען זוכען ניט יענעמס גוטס און שלעססער—גענוג גליקליך וואָלטען מיר שוין געווען ווען זייא זאלען אונז נאָר לאזען רוהיג אונגעשטערט לעבען אין אונזערע אָרעמע שטיבעלעך דאס וואָלט געווען אונזער רייכטהום און גליק — און דעם שלאָס ערלויבט מיר איבער צוגעבען דעם (ווייזט אויף קונץ׳ן) מענשען, וואס ער דער איינציגער האט מיר גערעטעט מיין לעבען.

קונץ אי, אי, אי, וואס ווילט איהר פון מיר — איהר ווילט מיינע גוטע טהאַט אפקויפען בייא מיר פאר אינטערעס ? ניין ! מיין מצוה פארקויף איך ניט פאר קיין זאך אין דער וועלט — קונץ פון — דיא — ראזען איז בראוו — איהר אליין רבי האט מיך געלערנט (ער ווענדעט זיך צו רבי יאָזעלמאנן) איך בין אייער גוטער תלמיד — איך האב א גוט קעפעל נעהמט גוט איבער—און ווידער וויל איך נאָר אין דעם צימער ניט אריין טרעטען—דאָרטען—זאָל איך דערציילען ? — דאָרטען וואו דער מענש האט געמאכט — זאָל איך דערציילען ? — געמאכט איינע געהיימע פערשווערונג געגען מיין קעניג. — זאָל איך דערציילען ?

קארל פערליימדונג ? קונץ ! —

קונץ. איך בין דאמאלס געוועזען פערקליידעט. אלס פרויא האט ער זיך פאר מיר נישט געהיט — אמת געפינט איהר נור בייא מיר.—

אולריך (פאלט צו דיא פיס דעם קעניג) גנאדע ! —

קארל קאנצלער שרייב אָן איין אקט אין וועלכען דער ריטטער אולריך ווירד עקזילירט פונים לאנד און געהט נאך איספאניען לעבענסלעננגליך—(צווייא סאָלדאטען פיהרען ארויס אולריך׳ן ער געהט ארויס ניעדערגעשלאגען אין בעגלייטונג פון דער גאַרדע) קונץ ! צו דיר געהער דער שלאָס בריינגט מיר דיא ביטע איך זאָל אונטערצייכנען, דאס דיא יודען מעגען פרייא פאָן נון אן לעבען אים לאנד.

אללע עס לעבע אונזער קייזער אונד רעטטער! אורדא

קארל און דוא יאָזעלמאנן זאָלסט פון מיר איין בעזאָנדערען אויסצייכנונג בעקומען — דיא קלאנגסט דיך, אז דיינע יודען האָבען קיין פערטהיידיגער אויף דער ערד, שעהן — איך זעטץ דיך אצינד אָן, אלס בעפעהלס־האבער פון אללע יודען, ווען יעמאנד ווירד שלעכטס וועלכען פלאנען געגען דיינע ברידער, קענסטו אימער צו הילפע רופען דיא קייזערליכע מאכט. מיין טהיר שטעהט דיר שטענדיג אָפען — (ער טהוט איהם אָן איין אָרדען מיט א באנד—רבי יאָזעלמאנן קושט איהם אין דער האנד.)

אללע האָך לעבע אונזער קייזער און אונזער בעשיטצער אורדא!

(אללע זינגען און טאַנצען — גרופפע — אויף דעם טהראָן שטעהט קארל און רבי יאָזעלמאנן אונטען אהרן, שרה, ברוך נידריגער אויף א טרעפיל — פון ביידע זייטען פונים טהראָן שטעהט אמפהי־טהעאטער מאסען פירסטען און ריטטער צווייטע רייהע פאזשען דריטע רייהע פיעלע יודען און פרויען וויים געקליידעט מיט ברענענדע ליכט אין דיא הענד אויף דער ביהנע זינגען און טאנצען אין דערמיט קונץ.)

# גאָטטעס וואונדער.

1.

א מאָל האָט זיך דיא אומה אָן געקעהרט
מיט היידען דיא כלדייער
אז עס איז דאָ איין גאָטט האט ער ערקלעהרט
איינער איין העברעער
און איהם האָט גאָטט א זאָג געטאָהן
הער מיך אוים אברהמ׳ל
קוק דעם הימעל און דער ערד אן
דאס וועט זיין מיין קרעמיל
איך וועל דיך מאכען גרוים
פון דיר וועט ארוים
א פאָלק וואָס וועט זיין געטליך

דיא נאטור מיין איך
האלטען וועל איך
און דוא וועסט מישען דיא בלעטלאך.
אין א יעדען דור וועל איך אייך נור
בעווייזען גרויסע וואונדער
אז איהר וועט נאָר זיין וואָהל גוט און פיין
מיר—געטרייע קינדער.

2.

איידער ער האָט זיינע קינדער געבראכט
צו זיך אין ירושלים.
האבען זייא 400 יאהר פערבראכט
אין דעם לאנד מצרים
מען האָט זייא דאָרט זעהר שטארק געדריקט
ביז גאָטט האָט דערהערט זייערע קלאגען
און האָט אויף דעם לאנד אָן געשיקט
וואונדערליכע פלאגען
א חיה וואָס פרעסט
א האָגעל א פעסט
א פינסטערין מלאך המות
ביז פרעה אליין
האָט זייא געהייסען געהן
און האט זייא נאך געגעבען אויף הוצאות.
אזוי וועל איך אייך בעווייזען א סך
גרויסע שטארקע וואונדער
אז איהר וועט נאר זיין וואהל גוט און פיין
מיר — געטרייע קינדער.

3.

ארום געגאנגען זיינען זייא 40 יאהר
אין דער הייסער וויסטע
פון וואסער איז דארט געווען קיין שפור
נאר זאמד און שטיינער פיסטע

פון א שטיין וואסער האט זייא געצאפט
משה דער מיוחס
און פאָן הימעל האבען זייא געחאפט
ברייטלאך כצפיחות־
פייגעלאך א סך
זיינען צו זייא גלייך
אליין צופליהען געקומען
שנייט אונז דיא קעפ
און קאָכט אונז אין טעפ
און לאָז אייך וואָהל בעקומען.
אזוי וועל איך אייך בעווייזען א סך
גרויסע שטארקע וואונדער
אז איהר וועט נאָר זיין וואָהל גוט און פיין
מיר—געטרייע קינדער.

4.

ארויס געגאנגען פון מצרים זיינען זייא קאם
איז פרעה זייא נאכגעלאָפען
מיט זיין גאנצער מחנה ביים ים
האָט ער זייא אָנגעטראָפען
ער וואָלט פון זייא געמאכט איין עק
זייא וואָלטען געווען פערלאָרען
האָט גאָט געטאָהן א פייף פאר שרעק
איז דער ים פערגליווערט געוואָרען.
און פרעה׳ס מיליטער
האבען אין דעם מעער
געפונען זייער קבורה
און אונזערע לייט
פון יענעם זייט
האבען פריילִיך געזונגען דיא שירה.
אזוי וועל איך אייך בעווייזען א סך
גרויסע שטארקע וואונדער
אז איהר וועט נאָר זיין וואהל גוט און פיין
מיר—געטרייע קינדער.

5

יעצט אז איהר וועט דארפעןריידען צו מיר
קענט איהר פון ירושלים.
מיין ענטפער וועט איהר בעקומען פריהער
פון דאָרט מן השמים
אזוי האט געזאגט צו זייא זייער גאָטט
ווען ער איז פון זייא געשיעדען
נאָר דעם קאָנטראקט דיא צעהן געבאָט
שרייבט מיר אונטער איהר יודען
האָלט איהר עס אויס
מאך איך אייך גרויס
אז היא גאנצע וועלט וועט קאָבען.
אָבער וועט איהר
פארגעססען אָן מיר
אוי וועל איך אייך שווער בעשטראפען.
און דאן וועל איך גלייך פארגעסען אָן אייך
נישט מעהר בעווייזען קיין וואונדער
ווען איהר וועט נישט זיין וואָהל גוט און פיין
צו מיר—אונגעטרייע קינדער.

ע נ ד ע.

— פאלשטענדיגעס —

# ענגליש־יודישעס און יודיש־ענגלישעס

# ווערטער־בוך

פון אלכסנדר הארקאווי.

אין צוויי טהייל.

**ערשטער טהייל** ענטהאלט אללע ענגלישע ווערטער נאכ'ן איי־בי־סי, מיט זייער אויססיראכע און איבערזעטצונג אין אידיש.

**צווייטער טהייל** ענטהאלט אללע יודישע ווערטער נאכ'ן אלף־בית מיט דיא איבערזעטצונג אין ענגליש.

ביידע טהיילען זיינען געבונדען אין איין באנד.

**פרייז, 3.50**

---

# ענגליש־יודישעס האנד־ווערטער־בוך.

פון אלכסנדר הארקאווי,

ענטהאלט כמעט אזוי פיעל ווערטער, וויפיעל דער פאלשטענדיגער ענגליש־יודישעס ווערטער־בוך, מיט דער אויסנאהמע וואס דיא ערקלעהרונגען זיינען אביסעל אָבגעקירצט.

**פרייז, 1.00**

---

# ענגליש־יודישעס און יודיש־ענגלישעס

# טאשען־ווערטער־בוך.

פון אלכסנדר הארקאווי,

ענטהאלט אללע ענגלישע ווערטער נאכ'ן אי־בי־סי, מיט זייער אויססיראכע און איבערזעטצונג אין יודיש, און אללע אידישע ווערטער נאכ'ן אלף־בית מיט דיא איבערזעטצונג אין ענגליש.

**פרייז, אין קלאטה באנד, 65 סענט. אין לעדער באנד, 90 סענט.**

# נייע אידישע מוזיק

פיר

# פיאנא אונד וויאלין.

---

## דער אידישער טרויער מארטש.

נאך דיא הרוגים פון קישיניעוו אראנזשירט פון פערלמוטער אונד וואהל פרייז פיר
פיאנא אדער וויאלין..................20 סענט

## חתן כלה.

אראנזשירט פיר פיאנא אין 6 בויגען, 1טער בויגען: דיא בייטש, 2טער בויגען: א
תענוג ביי אידען, 3טער בויגען: אז גאט וויל שיסט אבעזים, 4טער בויגען: דיא
זיסע האפנונג, 5טער בויגען: ענינו ביום צרותינו, 6טער בויגען: דאס בייגעלע,
פרייז פון יעדען בויגען 20 סענט, אלע 6 בויגען צוזאמען..................90 סענט
דיטא פיר וויאלין אין 1 בויגען..................20 סענט

## דער ישיבה בחור.

אראנזשירט פיר פיאנא אין 2 בויגען, 1טער בויגען: דער קדיש, 2טער בויגען: אל
מלא רחמים, פרייז פון יעדען בויגען 20 סענט,ביידע בויגען צוזאמען..........30 סענט
דיטא פיר וויאלין אין 1 בויגען..................20 סענט

## כל נדרי.

ניי אראנזשירט פון א. רוססאטטא, פיר פיאנא אונד וויאלין מיט דיא הערטער פרייז
פיר פיאנא אדער וויאלין..................20 סענט

## מאן אונד ווייב.

אראנזשירט פיר פיאנא אין 4 בויגען, 1טער בויגען: פעטער מלך, 2טער בויגען:
אי לו לו און מלך און מלכה, 3טער בויגען: מאן און ווייב, 4טער בויגען: מאמע
מאמע מזל טוב, פרייז פון יעדען בויגען 20 סענט, אלע 4 בויגען צוזאמען..........60 סענט
דיטא פיר וויאלין אין 1 בויגען..................20 סענט

## מלכה שבא.

אראנזשירט פיר פיאנא אין 5 בויגען, 1טער בויגען: שלאף באללעט, 2טער בויגען:
מארטש פון מלכה שבא, 3טער בויגען: שלמה המלך׳ס צואה, 4טער בויגען: גוטער
ברודער ניט געהאפט, 5טער בויגען: מען וועט דיר קיין זאך ניט מיט געבען אין קבר,
פרייז פון יעדען בויגען 20 סענט, אלע 5 בויגען צוזאמען..................75 סענט
דיטא פיר וויאלין אין 1 בויגען..................20 סענט

## שבת האלטען פון ש. שמולעוויטץ.

אראנזשירט פיר פיאנא אדער וויאלין ביי א. רוססאטטא אין 1 בויגען פרייז 20 סענט.

## שטילע חתונה.

אראנזשירט פיר פיאנא פון פערלמוטער און וואהל אין 3 בויגען, 1טער בויגען: דיא אמת'ע אידישע הארץ, 2טער בויגען: טאקי דאס, 3טער בויגען: אונד שוין, פרייז פון יעדען בויגען 20 סענט, אלע 3 בויגען צוזאמען------50 סענט.

דיטא פיר וויאלין אין 1 בויגען------20 סענט.

## שמעה אויף מיין פאלק.

פון גאלדפאדענס בעריהמטע פיעסע ני־בע־ני־מע אראנזשירט פיר פיאנא פון זאמשינסקי, פרייז------20 סענט.

## מאררים ראזענפעלד'ס ליעדער.

אראנזשירט בייא ה. א. רוססאטטא פיר פיאנא אונד געזאנג, פרייז------50 סענט.

## מאגולעסקא'ס תחית המתים (רעסורעקשאן).

אראנזשירט ביי א. רוססאטטא, פרייז פיר פיאנא 35 סענט, פיר וויאלין 20 סענט.

## שלמה המלך, פון זיגמונד מאגולעסקא.

אראנזשירט פיר פיאנא בייא ה. א. רוססאטטא, אין 4 בויגען, פרייז פון יעדען בויגען 20 סענט, אללע 4 בויגען צוזאממען------75 סענט.

דיטא פיר וויאלין אין 1 בוך------25 סענט.

## יציאת מצרים, פון פראפעססאר הורוויץ.

מוזיק פון פערלמוטער אונד וואהל, קאמפליט אין 3 בויגען, פרייז פון יעדען בויגען 20 סענט, אללע 3 בויגען צוזאממען------50 סענט.

דיטא פיר וויאלין אין 1 בויגען------25 סענט.

## יוסף מיט דיא ברידער.

אראנזשירט פיר פיאנא בייא ה. א. רוססאטטא, קאמפליט אין 3 בויגען, פרייז פון יעדען בויגען 20 סענט, אללע 3 בויגען צוזאממען------50 סענט.

דיטא פיר וויאלין אין 2 בויגען------04 סענט.

## דיא אידישע חתונה, פון פראפעססאר ה. א. שאפירא.

קאמפליט פיר פיאנא אין 5 בויגען, פרייז פון יעדען בויגען 20 סענט, אללע 5 בוי־גען צוזאממען------75 סענט.

דיטא פיר וויאלין אין 1 בויגען------25 סענט.

צו בעקומען בייא דיא

HEBREW PUBLISHING COMPANY,

83-85 Canal Street. New York.

# שפה חיה

— מאת —

## פסח ליב פישמאן ומנחם מענדיל ליעבערמאן.

### דיא מעטהאדע וואס האט געעפענט
### דיא אויגען פון לעהרער און שילֶלֶער.

---

ווען דיא מעטהאדע „שפה חיה" (איבערהויפט דער צווייטער טהייל) איז צום ערשטען מאל ערשיענען איז ארויסגערופען געווארען א שטורעם אין דער פעדאגאגישער וועלט.—פעדאגאגען און פראקטישע לעהרערס זיינען געשטאנען און זיך געוואונדערט, וויא האט מען דאס געקענט אויסקומען ביז אהער אהן אזא ניטצליכע און פראקטישע מעטהאדע, וויא דיא „שפה חיה" איז.

און ווירקליך האבען זיך בייא דיא לעהרערס דיא אויגען געעפענט דורך דער „שפה חיה" וועלכע שניידט דורך א גראדען וועג אין דער העבראישע שפראכע און מיידעט אויס אללע בערג און טהאלען פון דיא פריהערדיגע מעטהאדען, וועלכע זיינען אנטקעגען איהר וויא פוס־געהער אנטקעגען איין עקספרעסס טריין.

פון דער „שפה חיה" לעהרענט א שיללער אויס אהנע שווערינקייטען אין א קורצע צייט כמעט דיא גאנצע העבראישע שפראכע מיט'ן דקדוק צוזאמען, דער שיללער דארף זיך נישט אנשטריינגען צו לעהרנען דיא טויזענדע טרוקענע כללים פון דקדוק ווייל דורך לערנענדיג דעם „שפה חיה" און איבערהויפט „שפה חיה" חלק שני, וועלכער איז אנציאהענד מיט דיא שעהנע מעשה'לאך: חידות, וויטצען און אנעקדאטען, ווייס ער שוין ממילא אללע רעגלען פון דעם העבראישען גרעסטער און איז פעהיג אליין אנצושרייבען א העבראישען בריעף אהנע פעהלערען, צו דער זעלבער צייט האט ער שוין אויך א גוטען בעגריף פון דער ביבלישער געשיכטע און פילע אידישע מנהגים.

אין בית המדרש בלי חדוש. מיר האבען אין אונזער נייער אויפלאגע פילע פערבעססערונגען געמאכט דורך דער שעהנער דרוק און גוטען פאפיער און פראכטפאללע בילדער, וועלכע בעציבערען דעם שילֶלער און גיעבען איהם דיא מעגליכקייט צו פערשטעהן אליין א זאטץ אהנע דיא הילפע פון לעהרער.

אויסער דעם האבען מיר צוגעגעבען פילע זאכען, וואס האט געמאכט דעם ספר פאר א דבר שלום.—גאר א קלייניגקייט, דאכט זיך, וואס איז א שוא נע? בייא אונז איז איינפאך: א שוא נע איז אזוי—; און א שוא נח איז אזוי—:

מיט אייןווארט דיא צוויי טהיילען „שפה חיה" האבען געוואונען דעם פרייז, און יעדער לעהרער וואס וויל מאכען גרינגער זיך און דעם שיללער זאל לערנען נור פון דיעזער מעטהאדע.

**פרייז פון ערשטען טהייל 15 סענט. | פרייז פון צווייטען טהייל 25 סענט**

**THE HEBREW PUBLISHING COMPANY,**

**83-85 Canal Street, New York.**

# קאטאלאג

## אונד פרייז־קוראנט

| | |
|---|---|
| אויפ'ן פידעל שלום עליכם | 5 |
| אונגליקליכע אמאליע | 2.00 |
| אוריאל אקאסטא | .10 |
| איבער געלד און עהרע | .75 |
| אידישע ביהנע 1טע טהייל, טהעאטער קריטיק | .25 |
| אידישע ביהנע 2טע טהייל, טהעאטער יעדער | .40 |
| אידישע געשיכטע פון פ. וויערניק | .75 |
| אידישע קרבנות | .15 |
| אידישער קאנגרעס אין באזעל | .03 |
| אייז־מעער | .20 |
| אינדיאנער פירסט | .40 |
| אין שטראם פון רעוואלוציאן | .05 |
| אלט-נייילאנד, דר. הערציל | .50 |
| אמעריקאנישע הגדה | .03 |
| אשמדאי | .05 |
| ביטערע נקבה | .25 |
| ביים טהיר פון גן־עדן | .05 |
| בלאנדער יונגער מאנטשיג | .25 |
| בעטלער גרעפין | .40 |
| בערויבטער קבר | .10 |
| ברוך שפינאזא | .20 |
| גאטטהייט | .10 |
| גאלד גרובען פון קאליפארניע | .60 |
| א גאסט פון יענער וועלט | .05 |
| גוטער טייפעל, שמ"ר | .35 |
| גלות מאסקווא | 1.50 |
| געבילדעטער מערדער | 1.50 |
| געהיימער מארד | .05 |
| געהיימע יודען | .15 |
| געזוכט און געפונען | .60 |
| גערויבטע קינד, | 2.00 |
| געריהמטער טרעפער, | .05 |
| געשיכטע פון אמעריקא, | .15 |
| גראספירסט קאנסטאנטין, | 1.25 |
| גראף מאנטא קריסטא | .40 |
| גראף עסטערהאזי, | .40 |

| | |
|---|---|
| גראף פאטאצקי, | .05 |
| גרעסטער דעטעקטיוו | .10 |
| דאן־קיכאט, פון א. הארקאווי, | .75 |
| דאקטאר און צוויבערער, | .10 |
| דור הולך ודור בא, א. גאלדפאדען | .25 |
| דער משוגענער פילאזאף, א. גאלדפאדען | .25 |
| דריי פארשווינען, | .05 |
| דרייפוס, פון יאהאן פאליי נויארק, | 1.50 |
| הגדה פיר בארדער, | .03 |
| הייראטה פון ד. מ. הערמאלין | .25 |
| הימעל און וואסער. | .45 |
| היפנאטיזמוס, | .03 |
| המן'ס מפלה, | .03 |
| הערשעלע, דינעזאהן, | .15 |
| וואשינגטאן, (ערשטער פרעזידענט אין אמעריקא) | .10 |
| וויכנא דוואשא פאהרט אין אמעריקא | .02 |
| וויכנא דוואשע פאהרט פון אמעריקא | .05 |
| וויכנא דוואשע דיא שדכנ'טע | .10 |
| ווילדע מענשען, | .10 |
| אין ווילדען אפריקא | .10 |
| וויעדער אין דער היים, 2טע טהייל פון א רייזע אין אונבעקאנטע געגענדען | .10 |
| א וועלט אהן טרעהרען, | .03 |
| וועלט באנדיטען, | .45 |
| זילבערנע האכצייט | .10 |
| חאדשי סטאווראס, | .10 |
| חכמת היד, | .03 |
| חרם דרבנו גרשם, | .10 |
| טיראן, | 1.25 |
| טיראנישע מוטער, | 2.00 |
| טערקישער משית, | .05 |
| טרילבי, | .10 |
| יאסעלע, דינעזאהן | .15 |
| יאקום בעמבע, | .03 |
| יודקע שמערקעס פאהרט נאך אמעריקא | .05 |
| יודקע שמערקעס גליקען אין אמעריקא | .10 |
| יונגער שיפסקאפיטאן, 2טער טהייל, פון אין ווילדען אפריקא, | .10 |

| | |
|---|---|
| ישוע הנוצרי, ד. מ. הערמאלין, | .10 |
| ישוע הנוצרי אָדער יוסף פאנדרי, | .10 |
| לא תרצח פון פרענקעל 1טער טהייל, | .10 |
| לא תרצח " " 2טער טהייל, | .15 |
| לא תרצח " " 3טער טהייל, | .15 |
| לא תרצח " " 4טער טהייל, | .15 |
| ליטווישער קעניג פון דיא שנאָרערס, | .25 |
| ליעבע פון ד. מ. הערמאלין, | .10 |
| ליעבע און מיליאָנען, | .45 |
| ליעבע און ראכע, | .75 |
| ליעדער אלבום | .20 |
| לעצטער בלוט שטורין, | .10 |
| מאדאם באבעטא, | .10 |
| מאדאם יצר הרע, | .15 |
| מאריא מאגדעלענא | .03 |
| מגילת דרייפוס, | .03 |
| מזיקים, פון ב. גארין, | .10 |
| מחמד, | .05 |
| מסתרי פאריז, | .60 |
| מעשי בראשית, | .15 |
| משוגענער פילאָזאָף, גאָלדפאדען | .25 |
| נקמה פון א בר־מנן, | .15 |
| נתן דער חכם, | .10 |
| סאפהאָ פון אלפאָנז דאָדע, | .15 |
| סטעמפעניו, פון שלום עליכם, | .15 |
| סיבירישער אייזענבאהן, | .25 |
| עדעלשטאטס גערדיכטע, | .15 |
| פאוסט פון גהעטטא, | .10 |
| פאסקארעלא, | .10 |
| פליה מאשין, | .10 |
| פלעוונא, | .25 |
| פסח מאגאזין 100 זייטע, | .10 |
| פעדלער, שמ"ר, | .15 |
| פעטער שמואל, יאפפע | .10 |
| פערלאָרענע שיף, | .50 |
| פראנצויזישע רעוואָלוציאָן, | .25 |
| פרוכט פון זינד, | .10 |
| פרייע ליעבע, | .15 |
| פרינצעסין צולייקא, | .10 |
| פרינץ אלם דעטעקטיוו, | .45 |
| פרץ'ס מעשה'לאך, | .05 |

| | |
|---|---|
| פרץ'ס שריפטען, | 1.50 |
| פתרון חלומות, | .05 |
| צוואנציג אידישע פאָלקס ליעדער פון אליקום צונזער, | .25 |
| צוואנציגסטער יאהר־הונדערט | .10 |
| צווייא פאָרלאך, | .10 |
| קאָלומבוס, | .03 |
| קאמעליענדאמע, פון דיומא, | .30 |
| קארמען דעם טייוועלס טאָכטער, | .05 |
| קיובא, | 1.00 |
| קין'ס צואה, א. טאנענבוים, | .15 |
| קליינע מענשעלאך, | .10 |
| קלעאָפאטרע, | 1.00 |
| קעטען און קראָנען, | .50 |
| ראָטהשילדס ביאָגראפיע, | .10 |
| ראָמאנען אלבום, | .15 |
| רוסישע געהיימניסע, | 2.00 |
| ריעזען, | .10 |
| א רייזע אין אונבעקאנטע געגענדען, | .10 |
| א רייזע ארום דער וועלט אין 80 טעג, | .25 |
| א רייזע אין הימעל, | .10 |
| א רייזע צו זיד פאָל, | .15 |
| רעגינע, | .15 |
| רמב"ם לעבענס בעשרייבונג, | .03 |
| שאילאָק, שעקספיער | .15 |
| שווארצע דיאמענטען, | .15 |
| שווארצע האנד, | .45 |
| שווארצע חברה, | .25 |
| שווארצע קונסט, | .10 |
| שווינדלער, | .10 |
| שטאָדט מסור, | .15 |
| שטארקער פון אייזען, | .85 |
| שטומער בעטלער, | 1.25 |
| שטיינערנער מענש, שמ"ר, | .50 |
| שעהנע העלענא, | .05 |
| שפאניש־אמעריקאנישער קריעג, | .40 |
| א שפאציער אין גיהנום, | .03 |
| א שפיצעל פון א פורים שפיעלער, | .03 |
| שרעקליכע געהיימניס, שמ"ר, | .15 |
| תחית המתים, פון נאָרדוי, | .03 |